# דיא
# קאָקעטע דאמען

פון נ. מ. שייקעוויטש, (שמר)

# Coquette Dames

by N. M. SCHAIKEWITZ,



NEW YORK.
B. RABINOWITZ,
PUBLISHER.

296.025
Schl c

**י״ ב. ראבינאוויטץ, 398 גרענד סט., ניו יארק**

איז דער איינציגער פלאץ פון אללע

# אידישע מוזיק

## פיר געזאנג פיאנא און וויאלין

פון דיא פאפולערסטע אידישע אפעראס און

# סקארבאווע נגונים

שולמית, בר כוכבא, דיא צויבערין (קאלדוניו), אחשורוש, מליץ יושר, ניהטם און גן עדן, עקדת יצחק, דוד׳ס פיעדעלע, קעניג ליער, רוססאטטאס דרייפוס מארטש, בליהמעלע, כוזרי, המן דער צווייטער, דיא עקידה, דער אידישער מארטירער, מן המצר, פעריאמערט פערקלאנט, מאררים ראזענפעלדס פאלקס-ליעדער, צונזערס אידישע פאלקס-ליעדער, גאלדפאדענס פאפולערע טהעאטער ליעדער, מאנולעסקא׳ס אמת אידישע קופלעטען, רייגאלדס ארבייטער ליעדער, א. ז. וו. א. ז. וו. סקארבאווע נגונים, דער אריגינעלער ארטהאדאקסישער כל נדרי, פון ה. א. רוססאטטא, ונתנה תוקף, בראש השנה, ברכת כהנים א. ז. וו.

---

פאדערט נור דיא אבענגנאנטע אידישע אפערא׳ס ארראנזשירט בייא דעם בעריהמטען אידישען מוזיקער און קאמפאזיטאר

**ה. א. רוססאטטא.**

**ווייל זיי זיינען ריכטיג ארראנזשירט און זעהר שעהן געדרוקט.**

פערלאג פון

# ב. ראבינאוויטץ

**398 גרענד סטריט, ניו יארק.**

# B. RABINOWITZ, Publisher.

**398 Grand Street, New York.**

פרייז 10 סענט.

# די
# קאקעטע דאמען

קאָמעדיע אין פיער אַקטען מיט א פראָלאָג

— פון —


## נ. מ. שייקעוויטש (שמר)



פערלאג פון

ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד סטריט, ניו יאָרק.



Copyrighted 1900 Washington D. C.
The rights of the stage belong to the author

# פארוואָרט.

דיעזע קאָמעדיע, „דיא קאָקעטע דאמען" האָב איך פערפאסט אינ׳ם יאָהר 1883 אין אָדעססא, אין דעם זעלבען יאהר איז זיא צענזורירט געוואָרען אין פעטערסבורג אלס צייכען דאס עס איז ערלויבט זיא אויפפיהרען אויף דער ביהנע, אבער באַלד דארויף האָט דער מיניסטער דעם אוננערן פערבאָטען דאס אידישע טהעאטער אין גאַנץ רוססלאנד.

דיא אידישע אקטיאָרען וואָס האָבען דאן געשפיעלט אין אָדעססא, ווארען געצוואונגען אויסוואנדערן פון רוססלאנד נאך אזא לאנד וואו מען קען יא אידישע פאָרשטעלונגען געבען.

איך האָב זייא דאן מיטגעגעבען דיעזע קאָמעדיע „דיא קאָקעטע דאמען" און זייא האָבען זיא צום ערשטען אויפגעפיהרט אויף דיא ביהנען פון דיא רומענישע טהעאטערע.

דער ערפאָלג וואר א מערקווירדיגער. דיעזע קאָמעדיע איז געוואָרען דער ליעבלינג פון דעם רומענישען פובליקום און ווען מען האָט אנאָנסירט דאס מען שפיעלט „דיא קאָקעטע דאמען" וואר דאס טהעאטער געפאקט.

אלס דער בעגאבטער בעסטער אידישער קאָמיקער הערר מ אָ ג ו ל ע ס ק אָ איז מיט א טרופע אקטיאָרען אָנגעקומען אהער אין ניויאָרק, האָט ער געמוזט קאָנקורירען מיט א טרופע אידישע קינסטלער וואס האָבען שוין דאָ געשפיעלט, און מיט דער קאָמעדיע „דיא קאָקעטע דאמען" האָט ער א גלענצענדען זיעג ערררונגען. ווייל אין דיעזער קאָמעדיע האָט ער געשפיעלט דריי ראָלען אלס „גאלמאן" דער „יונגער" גאלמאן דער „אלטער" און „ספרינצע דיא מעקלערין" אין דיא אלע דרייא ראָלען וואר ער אונגאכאהמענד און ער איז זאָ ווייט פּאָפּולער געוואָרען אין דיעזער קאָמעדיע, דאָס ווען מאן האָט זיא געשפיעלט האָט מען געזאָגט: מען שפּיעלט מאָגולעסקאָס קאָקעטע דאמען.

אבער ניט בלויז צוליעב ה"מאַגולעסקאָ איז דיעזע קאָמעדיע אזוי בעריהמט און בעליעבט געוואָרען, זיא איז אין אלגעמיין דעם פובליקום געפעלען געוואָרען צו־ליעב איהר רייכען אינהאלט און צוליעב דיא אמת'ע טיפען וואס זיא שטעלט פאָר.

דיעזע קאָמעדיע איז אין ניויאָרק אליין אויפגעפיהרט געוואָרען ניט וועניגער וויא 800 מאָל, זיא פלעגט דיא אקטיאָרען פון אלע בלאָטעס ארויסשלעפען, ווען אזא געלונגענע פיעסע ווערט אויפגעפיהרט אויף איין אייראָפּייאישע ביהנע, אין א לעבענדיגע שפּראכע, וואָלט זיא דעם פערפאסער רייך געמאכט. איך אָבער האָב פאר איהר קיין בעלאָהנונג בעקומען. ווייל זיא איז געלעגען אין דיא הענד פון אידישע קינסטלער......

עס זיינען דא פיעלע מענשען וואס ווייסען זאגאר ניט אז דיעזע קאָמעדיע איז מיינע.

יעצט וועלכען זייא שוין וויססען און דאס וועט זיין מיין איינציגע בעלאָהנונג. (איאָ א רייכע בעלאָהנונג?)

נ. מ. שייקעוויטש, (שמר).

P 23799

# פערזאנען.

בערל שטיינפעלד שפּעטער באָרים שטיינהויז.

מרים שפּעטער, מאַריא זיין ווייב.

דיאָדקע גאלמאן איהר געליעבטער.

לאה שפּעטער, ליזא, שטיינפעלד׳ס טאָכטער פון דער ערשטער ווייב.

אַננא מרים׳ס טאָכטער פון גאַלמאַנען.

יעקב שטיינפעלד, בערל׳ס ברודער.

דאָקטאָר טאנענבלום.

ספּרינצע אַנ׳אַלטע מעקלערין.

שמערקע בעדינטער אין שטיינהויז׳ס הויז.

דער פּראָלאָג האנדעלט זיך אין אקליין ליטווישׁ שטעדטעל, די איבריגע אקטען אין דער שטאדט קעשענאָוו.



# פראלאג.

## ערשטער אויפטריט.

(אנ'איינפאך צימער)

מרים (אליין, ווייזט אויס זעהר אויפגערעגט) שלעכט! איך האב קיין אנדער מיטעל (פויזע) אזא פערפלוכטער אונפערשעמטער גאלמאן! ווער האט דאס געקענט ערווארטען אז ער וועט מיך אין אזא בלאטע פערשלעפען. וועה איז מיר. ווען בעהיטע גאט מען וועט דא אין שטעדטעל ערפאהרען אז איך מוז באלד מוטער ווערען, וועט מען מיך מיט שטיינער בעווארפען (פויזע) יא קיין אנדער מיטעל בלייבט מיר איבער וויא נור חתונה האבען מיט בערעל שטיינפעלד, חאטש איך האס איהם איך קען איהם ניט ליידען. קען מען דען ליעבען אזא פראסטען אלטמאדישען זשידאקל, איך האב בעשטענדיג פאנטאזירט פון א מאן אנ'אריסטאקראט, פאר וועלכען איך וועל קענען לעבען וויא א פריצה, ניט וויא א זשידאווקא. טפוי עפעס האב איך דיא אידען אזוי פיינד אז איך קען גאר אויף א אידיש פנים ניט א קוק טהאן. יא אזוי בלייבט עס. איך וועל ווערען בערעל שטיינפעלדס ווייב נאך איידער ער וועט דערשמעקען אז איך וועל איהם שענקען א פרעמד קינד.....

---

## צווייטער אויפטריט.

דיענסטמעדכען, נאכהער גאלמאן.

דיענסטמעדכען דער הערר גאלמאן וויל מיט אייך ריידען.

מרים (איבערראשט) גאלמאן? ער איז דאך גאר אוועקגעפאהרען.

דיענסטמעדכען איהר זעהט דאך אז ער איז דא.

מרים ניכער! לאז איהם אריין אהער (דיענסטמעדכען אב) ער איז ניט אוועקגעפאהרען? ער איז דא? זעהר גוט, איך וועל מיך יעצט מיט איהם אברעכענען (גאלמאן קומט אריין) אט איז ער מיין מלאך המות (מאכט זיך וויא זיא זעהט איהם ניט)

גאלמאן (מונטער) א גוטען מארגען דיר מאריא! פאר וואס ענטפערסט דוא מיר ניט? דוא ווילסט מיך שוין וויא איך זעה, ניט דערקענען.

מרים (זעהר בייז) הלואי וואָלט איך דיך קיין מאל געקענט הערצלאָזער מענש.

נאלמאן אזוי? דוא ביזט נאָך אלץ אויף מיר אין כעס? זעהסטו איצט זעה איך ערשט אז דוא ביזט א היבשער נאַר.

מרים געוויס בין איך א נאַר, ווען איך זאָל זיין קלוג וואָלט איך מיך ניט גע־לאָזט פערפיהרען פון אזא מענשענפרעסער פון אזא טיראן וויא דוא ביזט.

נאלמאן טיראַן? מענשענפרעסער? חא חא חא! געלויבט און געדאנקט איז גאָט, דערווייל האָב איך דיך נאך ניט אויפגענעסען, ביזט אָהן עין הרע גאַנץ און געזונד.

מרים זאָג מיר נאַר ווענען וואס ביזט דוא יעצט אהער געקומען דוא האָסט דאָך מיר שוין אָפען געזאָגט אז דוא ווילסט מיך פערלאָזען אויף אויביג.

נאלמאן עס פערשטעהט זיך אז איך פאָהר פון דיר אוועק אויף אימער און עוויג, אבער קען איך דען אוועקפאהרען ניט זאָגענדיג דיר א הערצליכען זייא געזונד.

מרים זייא נעזונד ווילסט דוא מיר זאָגען? אונמענש וואס דוא ביזט, ווען דוא זאָלסט ווירקליך ווילען איך זאָל זיין געזונד וואָלסט דוא מיך ניט איבער געלאָזט אין אזא שרעקליכע לאגע. וואו זיינען דיינע זיסע פערשפרעכונגען? וואו זיינען דיא גאָלדענע בערג וואָס דוא האָסט מיר צוגעזאָגט. איך זעה נור אז דוא ביזט פון אָנפאנג אן אויסען געווען מיך צו רואינירען, זאָג דוא טייפעל דוא שטעלסט זיך גאָר ניט פאר דיא שרעקליכע לאגע פון א מעדכען וואס מוז מוטער ווערען?

נאלמאן רעכט אויף דיר, ווער האָט דיר געהייסען זיין אזוי לייכטזיניג, האָסטו פריהער נים פערשטאנען אז איך וועל מיט דיר ניט חתונה האָבען. איך פרעג דיך צו וועלכע צרות דארף איך נעהמען אזא האָרב אויף דער פּלייצע. א ווייב נעהמען, חא חא חא! דערצו דארף מען זיין משוגע אויף טויט.

מרים פאר וואס האָסט דוא מיר דיא ווערטער פריהער ניט געזאָגט וואָלט איך דאָך פון דיר אנטלאָפען וויא פון א מגיפה.

נאלמאן ביזט א חכמ׳ניות, קיין בייזע אויג זאָל דיר ניט שאדען. טאקי דערפאר וואס איך האָב מורא געהאט טאָמער וועסט דוא פון מיר אנטלויפען, האָב איך דיר געשוואָרען אז דוא וועסט מיין גליקליכע ווייבעלע זיין, איצט אבער ארט מיך שוין ניט דיין אנטלויפען, ווייל איך וויל אנטלויפען פון דיר. דוא פערשטעהסט?

מרים (העכסט צאָרניג) ניעדריגער מענש וואָס דוא ביזט, אזעלכע ווערטער קען נור ריידען א מערדער א רוצח.

גאלמאן מיך רופסטו ניעדריגער מענש? נוא און ווער ביזט דוא? ביזט דוא ניט ניעדריגער פון מיר אז דוא האָסט געקענט אזוי ניעדריג פאלען?......

מרים (וויטהענד) אוועק פון מיינע אויגען באנדיט!

גאלמאן געוויס וועל איך אוועקגעהן איך ווארט נור אויף א גמילת חסד.

מרים וואאאאס?

גאלמאן דוא פערשטעהסט קיין עברי ניט? איך וויל א גמילת חסד סך הכל פופציג רובעל. דוא פערשטעהסט דאָך אז אָהן געלד קען מען ניט פאָהרען.

מרים דוא ביזט שיכור אָדער משוגע?

גאלמאן שיכור בין איך ניט ווייל איך האָב קיין געלד געהאט צו קויפען שנאַפּס משוגע בין איך א דאנק גאָט אויך ניט א סימן האָסט דוא אז איך בין געקומען בייא דיר בעטען געלד, ווייל איך ווייס אז דוא וועסט געבען, עס הייסט דוא וועסט נעביך מוזען געבען.

מרים ארויס פון דאנען משוגע'נער!

גאלמאן חאַ חאַ חאַ! דוא שפּיעלסט זעהר גוט דיא ראָלע פון א בייזע פריצה (נעהמט ארויס א בריעף פון דער טאש) דוא האָסט גאר געמוזט פערגע־סען אז איך האָב פון דיר א וועקסעלע.

מרים דוא האָסט פון מיר א וועקסעל?

גאלמאן גלייך וויא א וועקסעל, נאך בעסער פון א וועקסעל דאס איז דיין ברי־וועלע וואס דוא האָסט צו מיר געשריעבען מיט צווייא וואָכען צוריק, אין איהם שרייבסט דוא מיר אז דוא ביזט שוין אין צווייטען חודש און דוא בעטסט מיך איך זאָל אויסגעפינען אזא דאָקטאָר וואס זאָל דיך פרייא מאכען. ווען למשל איך שטעל צו דאס בריוועלע אין דער פּאָליצייא. הא? וויא מיינסט דוא?

מרים (אפּארט) אָ וועה איך בין פערלאָרען (צו איהם) ניין גזלן דוא וועסט דאָס ניט טהאָן.

גאלמאן זאָגסט דאָך אליין אז איך בין א גזלן, א מערדער און אויף א גזלן איז אלץ צו גלויבען.

מרים וויא? ביי דיר וועט רעכט זיין מיך אונגליקליך צו מאכען?

גאלמאן א שעהנע קשיא וויא איך בין א מענש פאר וואס איז בייא דיר רעכט געוועזען אונגליקליך צו מאכען בערעל שטיינפעלדס ווייב. נור דוא האָסט געמאכט ער זאָל זיא גט'ן, דוא האָסט געמאכט ער זאָל איהר מיט איהר קינד איבער לאָזען אין עלענד און דחקות. דוא ווייסט אז זיא האלט יעצט ביים שטארבען? און ווער איז איהר מערדערין? דוא! יאָ נור דוא.

מרים אזוי? דו ביזט פלוצלינג געוואָרען א גרויסער צדיק און דו קענסט אזעלכע עולות ניט צו זעהען?

נאלמאן ניין איך בין ניט קיין צדיק. פון מיינט וועגען מעגסט דו נאך הונ־דערט וויבער אָבשיקען צום טייפעל, איך וויין דיר נאָר אז דו ביזט ניט קיין גרעסערע צדקניות פון מיר און איך זאָג דיר אָן מיט דעם הארבען וואָרט. אז אויב דו גיבסט מיר ניט דיא מינוט פופציג רובעל, לויף איך שוין נאך דער פאָ־ליצייא, איך וועל דאָרט ווייזען דיין ליעבען בריוועלע און וועל בעטען מען זאָל אויף דיר אכטונג געבען, דו זאָלסט מיין קינד ניט משלח זיין לעזאזל.

מרים זעה אונמענש וויא אונדאנקבאר דו ביזט, חאָטש איך האָב צוגעזאָגט בערעל שטיינפעלד אז אויב ער וועט זיך מיט זיין וויב גט'ען וועל איך מיט איהם חתונה האָבען, פון דעסטוועגען האָב איך נאָר דיך ליעב געהאט.

נאלמאן איך פערשטעה, איך פערשטעה, פריהער אז בערעל איז דיר געפעלען געוואָרען האָסט דו זיין וויב געטריעבען צום טויט נאכדעם ווען איך בין דיר געפעלען געוואָרען האָסטו געוויעזען בערעלען דעם דרך און שפעטער ווען אַן אנדערער וועט דיר געפעלען וועסט דו מיך צום טויט טרייבען, אבער דו האָסט ניט געטראָפען דאס אָרט, איך בין קלוגער פון אלע דיינע ליעבהאָבער, ניכער וועסט דו בייא מיר דיא כפרה ווערען איידער איין האָר פון מיין קאָפ וועט געקרימט ווערען. נוא הכלל דו גיסט דעם פיפצינער? איך האָב קיין צייט מיט דיר צו טענה'ען.

מרים איך האָב קיין געלד.

נאלמאן אויב אזוי אדיע, איך געה אָבשטאטען א וויזיט דער פאָליצייא. (נעהמט צום טהיר).

מרים (ערציטערט) קום נאָר אהער וואו לויפסט דוא?

נאלמאן נאך דער פאָליצייא זאָג איך דיר, דו האָסט נאך צייט, אהער דיא מטבע און מיר בלייבען גוטע פריינד פון דער וויטענס.

מרים איך האָב אזוי פיעל געלד ניט, איך וועל דיר געבען 25 רובעל.

נאלמאן ניין איך וויל פופציג, דאס חאפסט דוא אויך א מציאה.

מרים (גיט איהם געלד) נא דו הויטשינדער.

נאלמאן (נעמט דאס געלד) איך דאנק דיר מיין גאָלדענע צדקניות.

מרים נוא גיב זשע מיר אָב מיין בריעף.

נאלמאן ניין מיין שעהנער ברילליאנט, דער בריעף וועט ביי מיר זיין דיא בעסטע גאראנטיע פאר מיין קינדס לעבען, דוא פערשטעהסט? איך וויל מיין קינד

זאָל לעבען, ווען חלילה עס שטארבט וועט דער בריעף דערצעהלען ווער זיין מלאך המות איז געווען. דער בריעף וועט אויך א מאָל דערצעהלען דעם קינד ווער זיין אמת'ער טאַטע איז. איאָ איך בין א חכם?

מ'רים א חכם ביזטו? אזעלכע חכמים זאָלען אויסגעקוילעט ווערען איינציגווייס.

נאלמאן ניין! אזעלכע חכמים זאָלען לעבען תאַטש טויזענד יאָהר, ווייל מיר בעווייזען מענשען וויא צו לעבען אויף דער וועלט, זאָלען נאראָנים זעהן אז ניט ארבייטענדיג קען מען אויך פערדיענען געלד און לעבען אין אלע פערגניגען לעבען זאָלען אזעלכע חכמים וויא איך (אב)

מרים (אליין) אויסקרענקען זאָל ער דיא פופציג רובעל וואָס ער האָט פון מיר אויסגעפרעסט. דאָס הייסט א פרעכהייט, ער האָט-מיך צו אזא שרעק־ליכע לאגע געבראכט און יעצט בענוצט ער זיך דאמיט פון מיר געלד צו רייסען, א ווער ווייס אויב ער וועט נאָך א מאָל צו מיר ניט קומען מיך דורך דעם בריעף דריקען און שטיקען. וויא דערלעב איך שוין ער זאָל פון דאנען אוועקפאָהרען צום טייפעל.

---

## דריטער אויפטריט.

### דיענסט נאכהער בערל שטיינפעלד.

דיענסט בערל שטיינפעלד איז דאָ ער וויל אייך זעהן.

מרים (ערפרעהט) שטיינפעלד איז דאָ? זעהר גוט, זאָל ער אריינקומען (דיענסט אב) ער איז יעצט געקומען וויא גערופען. ער איז דער איינציגער מענש וואָס קען מיך פון אלע אונגליקען און פון שאנדע רעטען (לויפט צום שפיעגעל ברענגט אין אָרדנונג איהרע קליידער און דיא האָאר.)

שטיינפעלד גוט מאָרגען ליעבע מרים.

מרים גוט יאָהר הערר שטיינפעלד, א גאסט, א טהייערער גאסט.

שטיינפעלד איך ווייס אז דוא בעטראכטסט מיך ניט פאר אזא טהייערן גאסט וויא דוא זאגסט. איך ווייס זעהר גוט אז דוא ביזט אונצופריעדען מיט מיינע וויזיטען, אבער איך קען מיך ניט איינהאלטען, איך מוז צו דיר קומען.

מרים ווער האָט דאס אייך געזאָגט אז איך בין מיט אייערע וויזיטען אונ־צופריעדען?

שטיינפעלד ווער מיר האָט געזאָגט פרעגסט דוא? האָסט דוא אליין מיר מיט איינינע טעג צוריק ניט אָפען געזאָגט, אז איך פאל אויף דיר צו

לאַסט מיט מיינע בעזוכע? אָ מרים בעטראַכט דעם אמת אז נור צוליעב דיר האָב איך מיך מיט מיין ווייב געֹנט. ווייל דוא האָסט מיר פערשפּראָכען אז וויא איך וועל מיך פון איהר שיידען וועסט דוא מיט מיר התונה האָבען, איך האָב ניט געֿ קוקט אויף מיין ווייב׳ס טרערען, אויף מיין קינד׳ס עלענד. איך האָב אויך ניט געקוקט אויף לייטישע רייד ווייל איך ליעב דיך פון גאנצען הערצען, צום סוף בּיזט דוא צו מיר אזוי קאַלט געוואָרען.

מרים איהר האָט א טעות הערר שטיינפעלד, איך בין צו אייך ניט קאַלט געֿ וואָרען, אין געגענטהייל מיין ליעבע צו אייך פערגרעסערט זיך פון טאג צו טאָג.

שטיינפעלד איך מוז דיר דעם אמת זאָגען מרים אז מיר גלויבט זיך דאס ניט. איך האָב גוט בעמערקט דאס זייט דער פּוסטער· פּראַנט גאַלמאַן איז אהער געקומען בּיזט דוא גאר אנדערש געוואָרען. מרים איך גיב דיר אַנ׳עצה וויא דער בעסטער גוטער פריינד דוא זאָלסט זיך היטען פאר דעם מענשען וויא פאר פייער, מיר שיינט אז ער איז א געפעהרליכער מענש.

מרים יא ליעבער שטיינפעלד, איך בין אויך צו דער איבערצייגונג געקומען אז דער גאַלמאַן איז א געפעהרליכער מענש· איך מוז אייך דעם אמת זאָגען אז נאָר ער איז געווען דיא אורזאַכע פּון מיין קאַלטקייט צו אייך, ער האָט מיר ווירקליך דיא אויגען פערבּלענדעט און איך·האָב ניט געזעהן וואו איך בין אין דער וועלט. יעצט אָבער האָבען זיך מיינע אויגען געעפענט איך זאָל זעהן אז איהר זייט דער בעסטער פיינסטער מענש אין דער וועלט און דיא גליקליכסטע אין דער וועלט וועל איך זיין ווען איך וועל אייער ווייב ווערען.

שטיינפעלד מרים מיין טהייערע מרים זאָל איך גלויבען אז אלץ וואס דוא האָסט דאָ גערעדט מיינסט דוא טאקי באמת?

מרים איך שווער אייך ביי גאָט אז איך מיין דאָס באמת. דאָ האָסט דוא מיין האנד און מיין עהרענוואָרט אז דיינע בלייב איך ביז מיין טויט.

שטיינפעלד (ערגרייפט האסטיג איהר האנד) מרים מיין לעבען מיין נשמה (קושט איהר האנד) יא א נייע נשמה האָסט דוא א־צט אין מיר אריינגעֿ געבען, קיינער איז צו מיר גלייך, מיר שיינט אז איך בין אין זיעבענטען הימעל, זאָג מיר, שווער מיר נאָך אמאָל אז דוא מיינסט דאס אלעס באמת.

מרים ווען גאָט זאָל האָבען א ווייב וואָלט איך דיר געשוואָרען ביי זיין ווייב אויך אז אלעס וואס איך האָב גערעדט איז ריכטיג, יא ליעבער בערעל דיינע בלייב איך, אבער מיט איין בעדינגג.

שטיינפעלד זאָג מיין לעבען וואָס פערלאַנגסט דוא, איך פליה פאַר דיר אין פייער, אין וואַסער אפילו אין גיהנום.

מרים דאס אלעס פערלאַנג איך פון דיר ניט, איך וויל נאָר א קלייניגקייט אז באלד נאך אונזער חתונה זאָלען מיר ארויספאַהרען פון דאַנען, איך קען ניט ליידען דאס פערפלוכטע שטעדטעל וואו יעדע קלייניגקייט בעטראַכט מען פאַר א שווערע זינד, איך וויל וואוינען ערגעץ אין א גרויסער שטאָדט און פיהרען א הויז וויא ביי דיא אריסטאָקראַטען.

שטיינפעלד אפילו אין עק וועלט וועל איך מיט דיר פליהען, דוא ווייסט איך האָב געלד און מיט דעם געלד וועסטו מעגען טהאָן וואס דוא ווילסט.

מרים גוט, איך בין זעהר צופריעדען מיין זיסער ליעבער בערל דוא וועסט זעהען וואָס פאַר א זיס לעבען דוא וועסט בייא מיר לעבען, אלס צייכען אז מיר וועלען זיך באלד אויף עוויג פערבינדען וועלען מיר יעצט טרינקען וויין און עסען לעקאך איאָ מיין טהייערער חתן?

שטיינפעלד איידער דוא וועסט מיך מכבד זיין מיט לעקאך וויל איך א זיסערע זאך.

מרים וואָס מיינסטו מיט דיא ווערטער?

שטיינפעלד (שמייכלענד) פערשטעהסט ניט וואס עס איז זיסער פון לעקאך און פון האָניג? איך מיין א קוס פון דיינע זיסע ליפעלעך.

מרים דוא האָסט דאָך קיין מאָל קיין ראָמאַנען געלייענט, פון וואַנען האסט דוא זיך אויסגעלערנט אזוי צו רעדען? נא נאַשער! (שטעלט איהם אונטער איהרע ליפען זייא קושען זיך)

שטיינפעלד זיס וויא איך בין א איד, זיסער פון צוקער.

מרים איצט וועל איך אריינטראָגען לעקאך מיט בראַנפען, דוא מוזט זיך היינט ביי מיר אָנשיכור'ן דוא הערסט?

שטיינפעלד איך בין שוין שיכור פון גרויס גליק.

מרים ביזט דאך א גאַנצער פּאָעט געוואָרען, באלד קום איך צוריק מיין גאָל־דענער בארים. דוא הערסט? בארים וועסט דוא בייא מיר הייסען, ניט בערעל, פוי דאס איז א זשידאָווסקער נאָמען (לויפט ארויס פרעהליך)

שטיינפעלד (אליין) אידען ראַטעוועט! איך בין וויא משוגע פון גרויס שמחה, איך בין אין הימעל, אין גן עדן, קיין מענש אין דער וועלט איז צו מיר אצינד גלייך, עפּעס א קלייניגקייט מרים, דיא שעהנע זיסע מרים וועט זיין מיינע, איך וועל זיין איהר מאַן, זיא מיין ווייב אלע מלאכים וועלען דאך מיר אזא גליק

מקנא זיין, איז דען נאך דא אונטער דעם גאנצען הימעל א מיידעל מיט אלע מעלות וויא מיין מרים איז? זיא איז דאך דיא עהרליכקייט אליין, א סימן האָב איך אז חאָטש זיא האָט מיך אלע מאָל ליעב געהאט, האָט זיא זיך קיין מאָל געלאָזט פון מיר א קוש טהאָן, מזל טוב דיר בערעל, דוא ביזט דער גליקליכסטער חתן אין דער וועלט.

---

## פיערטער אויפטריט.

### יעקב.—ליזא

שטיינפעלד (אפארט) וואס זעה איך יעקב! מיט מיין טאָכטער?

יעקב ענדליך האָב איך דיך דאָך אויסגעפונען.

ליזא (לויפט צו שטיינפעלד'ן ערגרייפט איהם ביי דער האנד) פאפא!

שטיינפעלד וואָצו דארפסט דוא מיך יאנקעל?

יעקב איך האָב דיר א גוטע בשורה געבראכט, אז דיין ווייב וועלכע דוא האסט זאָ אונמענשליך בעהאנדעלט, האלט יעצט ביים שטארבען פאר איהר טויט דארף זיא דיר דאנקען. דוא נאר דוא! האָסט זיא יונגערהייט אין קבר געטריבען, אבער איך בין ניט געקומען דיר מוסר זאָגען, איך האָב דיר נאר געבראכט דיין קינד, דאס אונגליקליכע קינד איז איצט עלענד וויא א שטיין אין וואלד, זיא שטעהט געבאך דעם גאנצען טאָג געבין דער מוטער'ס בעט און שרייט וויינענדיג מאמא, ווערהענד דיא מאמא ראנגעלט זיך מיט דעם טויט.

ליזא (וויינענד) איך רוף מאמא מאמא און דיא מאמא שווייגט.

שטיינפעלד בין איך דען שולדיג וואס זיא שטארבט? איך קען איהר נאָר ניט העלפען.

יעקב עס פערשטעהט זיך אז דוא קענסט איהר שוין ניט העלפען, טויטע א מענשען איז פיעל גרינגער אלס איהם פון טויט צו רעטען. נאר יעצט האָב חאָטש רחמנות אויף דיין קינד, אלע זיינען בעשעפטיגט מיט דעם קראנקען און קיי־נער האָט צייט אויף איהר א קוק צו טהאָן.

ליזא איך שריי איך וויל עסען און קיינער ניט מיר ניט.

שטיינפעלד וואָס קען איך טהאָן מיט דעם קינד, האָב איך דען צייט מיט איהר זיך צו גאנטשען?

יעקב אזוי? דו האָסט גאָר קיין צייט ניט, דו ביזט שטארק בעשעפטיגט מיט דער אדעלנעבאָרענער מרים. דו ראָמאנסירסט וועהרענד דיין ווייב וועלכע האָט פאר דיר דאָס לעבען געלענט ראנגעלט זיך מיט דעם מלאך המות, דו זוכסט פערגניגנען וועהרענד דיין ליעב איינציג קינד איז הונגעריג און פערשמאכט און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל איהר א שטיקעלע ברויט דערלאנגען.

שטיינפעלד וואָס קומט ארויס פון דיא אלע ווערטער, דאָס איז דאָך שוין א פערפאלענע זאך, וואָס ווילסט דו איך זאָל אויך שטארבען אין איינעם מיט זעלדען?

יעקב איך וויל דיר דיא אויגען עפענען דו זאָלסט זעהן וויא נאריש, ריכטיגער געזאָגט וויא טיראניש דו האָסט דאָ געהאנדעלט. מיין ניט בערעל אז דערמיט וואָס דו האָסט דיין ווייב צום טויט געבראכט האָסט דו זיך א טובה געטהאָן, ניין זאָג איך דיר דו וועסט האבען נאָך אנ׳ערגערן סוף פון איהר. האָב נאָר חתונה מיט מרים׳ן וועסט דו פערזוכען דעם טעם פון א נייעם טויט, אָהאָ זיא איז א גוט שטיקעל סחורה, דו ווייסט דען וואָס זיא איז? (מרים קומט אריין אונבעמערקט)

שטיינפעלד וואָס איז זיא דען?

יעקב זיא איז אנ׳אויסוואורף דער נאטור, זיא איז א פרויא אָהן א הערץ און אָהן געוויסען, זיא איז פעהיג צוואנציג לעבענס צו פערקויפען פאר איין פונט קאָנפעקטען, נעה הער וואָס מען דערצעהלט זיך אָן אין שטעדטעל וועגען איהר, מען זאָגט אז צו אלע איהרע מעלות איז זיא א פשוטע חצופה זיא האָט גע־לעבט מיט א געוויסען יונגאטש דיאדקא גאלמאן וויא אנדערע צווייא.

מרים (העכסט צאָרניג) וואָס זאָגט איהר רב יאנקעל, איך געפעל אייך ניט? זוא וועט איהר מיט מיר קיין שידוך ניט טהאָן.

יעקב זאָל מיך גאָט אָבהיטען פון אזעלכע שידוכים.

מרים וויא געפעלט אייך אזא חוצפה? אזא שמוציגער זשיעד קומט צו מיר אין שטוב און זידעלט מיך.

יעקב אזוי איך בין א שמוציגער זשיעד און דו ביזט א אריסטאָקראטקע? אזעלכע אריסטאָקראטקעס וואלגערען זיך אויף אלע מיסטען.

מרים שטיל דו שמוציגער זשיעד, בערל וואָס שווייגסט דו איהם.

שטיינפעלד ארויס פון דאנען!

ליזא (ערוייבט שטיינפעלדס הענד) פאפא איך האָב מורא.

יעקב זיי דארפסט מיך ליעבער ברודער ניט טרייבען, איך וועל אלץ איינס פון

דאנען אוועקנעהן, דאָ איז א פּלאַץ פאַר גאָלמאַנעס אבער ניט פאַר מיר.

מרים (חאַפּט א בענקעל) דוא נעהסט אַרויס פון דאַנען צו ניט?

שטיינפעלד דוא געהסט אַרויס פון דאַנען צו ניט?

יעקב דוא אויך נאַרישער מענש? דוא טרייבסט מיך דיין איינציגען ברודער צוליעב דער פערדאָרבענע פּרויא? טפויא אויף אייך ביידע. (שפּייט אויס און נעהט אַב)

מרים (שרייט איהם נאָך) שפּייען זאָלסט דוא מיט בלוט פּאַרכאַטי ושיער (דערזעהט ליזא) וואָצו בעדאַרפסט דוא דאָ דעם ממזר? זאָל זיא געהן צו איהרע זשידאַקעס. (חאַפּט זיא פאַר א האַנד) מאַרש פון דאַנען (שלעפּט זיא צום טהיר)

ליזא (רייסט זיך פוּן איהרע הענד שרייט וויינענד) פּאַפּא, פּאַפּא, פּאַפּא!

פאָרהאַנג פאַלט.

---

# ערשטער אקט.

---

## צווייטעס בילד.

אַן'אָרעם צימער בייא ספּרינצע דיא מעקלערין.

טרשטער אויפטריט

ספּרינצע (זיצט בייא א טישעל און עסט פון א גרויסער שיסעל (אַלטע און יונגע דיענסטען שטעהען אַרום איהר).

דיענסטען שטעלען, שטעלען, ניט אונז שטעלען.
אַלע זיינען מיר אין נויט,
הערט שוין אויף אונז צו קוועלען,
אונז איז ביטער וויא דער טויט,
מאָרגען, מאָרגען, ווידער מאָרגען,
וואַרטען קענען מיר ניט מעהר,
גרעסער ווערען אַלץ דיא זאָרגען,
ניט אונז אַרבייט ס'מעג זיין שווער.

ספרינצע רבונו של עולם! וואָס האָבען זייא זיך אויף מיין אלט לעבען אָנגע־
זעצט, לאָזט מיך א ביסען ארונטער שלינגען דאס הארץ איז מיר פער־
חלי‏אָנעט.

איינע ספרינצינו קרוין הארץ, דערלעבען זאָלט איהר משיח׳ן. ניט מיר עפּעס
א שטעלע, צווייא חדשים זיץ איך שוין אָהן ארבייט, איך האָב שוין דאס
לעצטע קליידעל פער׳משכן׳ט.

צווייטע ספרינצינו גאָט זאָל אייך בשלום ברענגען צו קבר ישראל, ראטעוועט
מיך זוכט פאר מיר אויס א שטיקעל שטעלע איך געה ניט פאר אייך גע־
דאכט א רום אהונגעריגע.

ספרינצע קיין גוטער איד זאָל אייך ניט קענען, גזלנ׳טעס וואָס האָט איהר צו
מיינע אלטע יאָהר, מען קען זיך דאָך דערוואַרגען צוליעב אייך געהט מיר
אלע אין דר׳ערד אריין (נעהמט דיא שיסעל און געהט אָב)

איינע אי דערוואָרגען זאָל זיא טאקי ווערען מאמע זיסער, זיא פרעסט זיך אָן
און פאר אונז וואס מיר האָבען ניט וואס צו עסען ארט איהר גאָר ניט.
אפשר צעהן קארבען האָט זיא ביי מיר היינטיגעס יאָהר אבגענומען מעקלערייא און
קיין שטעלע זעה איך ניט.

צווייטע איהר ווייסט דען וואס פאר אן׳אלטע חאָלעריע זיא איז? פריהער דארף
מען נאך איהר וואכענלאנג נאָכלויפען און נאָכדעם ניט זיא אזעלכע שטע־
לען וואס מען קען ניט מעהר זיין וויא א פאָר וואָכען, דאס טהוט זיא אומיסטען
זיא זאָל פערדיענען מעהר מעקלערייא.

---

## צווייטער אויפטריט.

ליזא (זעהר עלעגאנט געקליידעט)

ליזא וואָהנט דאָ דיא מעקלערין?

איינע יא זיא וואָהנט דאָ (צו דיא איבעריגע בסוד) דא וועט איינע פון אונז
קריגען א שטעלע (צו ליזאן) איהר דארפט דיא מעקלערין, פריילין?

ליזא יא.

דיעזעלבע איהר בעדארפט געוויס א דיענסט פריילין, אפשר בעדארפט איהר
א קעכנע, קען איך צו אייך געהן, איך בין שוין פון צעהן יאָהר א קעכנע,
מיינע מאכלים מעג אפילו דער קיסר עסען.

ליזא ניין גוטע פרויא איך בעדאַרף קיינע קעכין.

צוויטע אפשר בעדארפט איהר א פּאָקאָווע וועט איהר קיין בעסערע פון מיר ניט געפינען. איך האָב געדיענט אין דיא פיינסטע הייזער און אלע בעל־הבית׳טעס האָבען געוויינט ווען איך בין פון זייא אוועקגעגאנגען.

ליזא ניין איך ברויך קיין פּאָקאָיאָווע, זאָגט מיר בעסער וואו איז דיא מעקלערין?

ערשטע אָט איז זיא אליין.

---

## דריטער אויפטריט.

### ספרינצע.

ספרינצע (זיך פערנייגענד) גוט מאָרגען פרייליין איהר דאַרפט עפּעס צו מיר?

ליזא זייט איהר דיא מעקלערין?

ספרינצע מיך וואונדערט ח׳לעבען וואָס איהר קענט מיך ניט, איך בין געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען בעקאנט אין אלע נגיר׳עשע הייזער, אהן ספרינצען גיט מען זיך ניט א ריהר, זאָגט גענאָדיגע פריילין וואָס ווילט איהר, אפשר א קעכנע א פּאָקאָיאָווע, א ניאנקע, אדער א משרת.

ליזא ניין.

ספרינצע וואס דען בעדארפט איהר מיך, איהר ווילט אפשר קויפען א זיידען קלייד, א סאַמעט מאנטעל, אָדער ציערונג, דאס קענט איהר אויך דורך מיין האנד קריגען, איך קען אייך אויסרעכענען אויף דיא פינגער אלע נביר׳ענטעס וואס מוזען נעביך פערקויפען זייערע בגדים און זייער ציערונג פשוט צו קויפען ברויט.

ליזא איך וויל קיין זאך קויפען.

ספרינצע אהא! איך פערשטעה, איהר ווילט געווים עפּעס פערקויפען, פאר מיר בעדאַרפט איהר זיך גאר ניט שעהמען איך בין שוין צו אזעלכע סודות געוואוינט געוואָרען איך וועל אלץ פערקויפען פאר א גוטען מקח, אבער וואס שטעהט איהר גענאָדיגע פרייליין זיצט, זיטצט.

ליזא (זיך זעטצענד) איך דאנק אייך גוטע פרויא.

ספרינצע וואס ווילט איהר פערקויפען מסתמא א ביסעלע ציערונג, א יא?

ליזא ניין (אפּארט) גאָט וויא שווער מיר איז דיא וואהרהייט צו זאָגען.

ספרינצע אלץ ניין און ניין, האָט איהר עפּעס פאַר מיר אַן׳אנדערן סוד? וועל איך דיא שלימזלניצעס צוטרייבען וויא דיא מערישקעס איהר זאָלט דאס מיר אליין קענען זאָגען.

ליזא  איך האָב קיינע נעהיימניסע ליעבע פרוי, איך בין צו אייך געקומען פרעגען פיעלייכט ...... ......

ספרינצע  נוא? נוא?

ליזא  פיעלייכט האָט איהר פאר מיר א שטעלע.

ספרינצע  (איבערראשט) פאר אייך א שטעלע?

איינע  (פון דיא דיענסטען צו דיא איבעריגע) א בייזער חלום צו איהר קאָפּ זיא איז אַזא דיענסטמויד וויא מיר אלע?

ליזא  יא גוטע פרויא איך זוך א שטעלע.

ספרינצע  דאס הייסט איהר ווילט זיך נאר פשוט שטעלען דיענען?

ליזא  א.

ספרינצע  שטעה אויף ייא מוחל און לאָז מיר דאס ביינקעלע, איך בין עלטער פון דיר (ליזא שטעהט אויף ספרינצע זעטצט זיך) אַזוי? דוא ווילסט א שטעלע? וואס פאר א שטעלע ווילסטו?

ליזא  איך זוך א גוברנאנטין שעטלע.

ספרינצע  וואאאאס? דוא ווילסט ווערען א גוברנאטערקע.

אללע דיענסטען  חא חא חא! א גוברנאטערקע וויל זיא ווערען.

ליזא  איך וויל ווערען א לעהרערין פון קינדער אין א גביריש הויז, איך שפּיעל זעהר גוט פיאַנאָ און קען צימליך גוט איינינע שפּראַכען.

ספרינצע  (א פּארט) נאָ דיר א געבילבעטע אויף מיין קאָפּ (צו ליזאן) ניין מיידעל אַזעלכע שטעלעס האָב איך ניט.

איינע  (פון דיא דיענסטען) נוא ספרינצע וואס זאָגט איהר עפּעס וועגען מיר?

צווייטע  איהר האָט דאָך מיר נעכטען צוגעזאָגט אז היינט וועט איהר מיר געווים געבען א שטעלע.

דריטע  און וואָס וועט זיין מיט מיר, איך שטארב דאָך פון הונגער.

ספרינצע  (זעהר בייז) מאָרגען מאָרגען, דער שווארצער יאָהר וועט אייך ביז מאָרגען ניט צו חאפּען, געהט מיר אין דר׳ערד אריין, דולט מיר ניט רעם ספּאָדעק.

איינע  אלע טאָג הערט מען אלץ איין ענטפער מאָרגען און מאָרגען.

ספרינצע  געפעלט דיר ניט? נוא וועסטו מעהר צו ספרינצען ניט קומען. איהר געהט אוועק מיט גוטען צו ניין? וויא איך בין א אידישע טאָכטער אז איך וועל אייך מיט דער פּאָמוניצע אָבגיעסען. מאָרגען זאָג איך און שוין (אללע אָב מורמענד)

ליזא אַדיע (וויל אויך אוועקגעהן)

ספרינצע קום נאָר אהער מיידעל, מיט דיר האב איך עפּעס צו רעדען.

ליזא (בלייבט שטעהען נייגיריג) צו מיר רעדט איהר?

ספרינצע יא טאַקי צו דיר, דוא געפעלסט מיר און איך וויל דיר טאָהן א טובה.

ליזא איהר האָט פאר מיר זאַ איינע שטעלע וויא איך פערלאַנג?

ספרינצע אזעלכע שטעלעס האָב איך ניט און דוא זאָלסט זיך נאָר ניט איינ־שמועסען אז דוא וועסט דאָ אזא שטעלע געפינען, ווייל דאָ פערשטעהסט דוא מיך, איז ניט דיא מאָדע מען זאָל האלטען גובערנאַטאַרקעס צו קינדער.

ליזא וואָס דען זאָל איך טהאָן, מיר איז זעהר שלעכט גוטע פרויא, אויסער דאס קליידעל וואס איך טראָג האָב איך גאָר ניט אלעס וואָס איך האָב געהאט האָב איך פערקויפט אום מיין הונגער צו שטילען, אָה גיט מיר א ראטה וואס איך זאָל יעצט טהאָן.

ספרינצע מיין עצה איז דוא זאָלסט אוועקלעגען דיא חרפּה אַן א זייט און זאָלסט זיך שטעלען אין א גביריש הויז פאר א פּאָקאָיאָווע.

ליזא איך בין אבער ניט געוואוינט געוואָרען שווער ארבייטען.

ספרינצע איך האָב צו דיין מזל פאר דיר איצט זעהר א גרינגע שטעלע. דוא וועסט נאָר זיין א העלפערין בייא א גביר'ס א טאָכטער ס'הייסט דוא וועסט איהר העלפען זיך אָנטהאָן אויסטהאָן, זיא ארום וואשען און איהר פערפלעכ־טען דיא האָר, נאָכטראָגען איהר מאַנטעל ווען זיא געהט שפּאַצירען און ווייטער גאָר ניט.

ליזא אָה גוטע ליעבע פרויא, איך בין צו אזא ערניעדערונג ניט געוואוינט געוואָרען.

ספרינצע א זינדיגער מענש מוז צו אלץ געוואוינט ווערען מיין קינד, קען מען ניט אריבער מוז מען ארונטער, וואס טהוט מען דען ניט צוליעב דעם שטיקעלע ברויט. דוא וועסט מיר ח'לעבען פאר דער שטעלע דאנקען, דוא וועסט זיך באָדען אין חלב און אין דבש. וואס מען עסט דאָרט אין מיטען דער וואָך ווינש איך דאס מיר צו עסען אום שבת. דערצו וועסט דוא נאָך נעהמען עטליכע רובעל א חודש, נוא איז דאָס שלעכט?

ליזא (נאכדענקענד) איך האָב קיין אנדער אויסוועג, גוט, איך נעהם אָן דיא שטעלע, איך פאָלג אייך.

ספרינצע  ווען דוא ווערסט מיך פאָלגען מיין קינד וועט זיין אזוי וואויל און אזוי גוט צו דיר. אבער זאָג מיר איך בעט דיך דוא ביזט ניט קיין היגע, איך זעה דיך דאס ערשטע מאל.

כ'יזא  איך בין פון א קליין שטעדטעל פון אין דער ליטוי.

ספרינצע  וויא זשע סומסט דוא אהער אין קישינאָוו.

ליזא  מיין געשיכטע איז זעהר טרויעריג, ווען איך וואר נאָך א קליין קינד האָבען זיך מיינע עלטערן גע'גט. מיין פאטער האָט געהייראטהעט א צווייטע פרויא און האט מיט איהר פון אונזער שטעדטעל אויסגעוואנדערט. מיינע מוטער איז געשטארבען און מיינער אָנ'אנקעל האט כיך אין זיין הויז ערצאָגען. דיעזער עדלער גוטער מענש האָט מיר איינע זעהר גוטע ערציהונג געגעבען און זיין איינציגער וואונש וואר מיך גליקליך צו מאכען, לײדער אבער האָט ער אין דער לעצטער צייט זיין גאנץ געלד פערלארען, זיינע פרויא וועלכע איז צו מיר איינע צערטליכע מוטער געוועזען איז אוים גרויסע שמערצען געשטאָרבען.

ספרינצע  געשטאָרבען? ברוך דיין האמת!

ליזא  צופעליגער ווייזע האָב איך ערפאהרען דאס מיין פאטער וואהנט היער אין קישינאָוו און איז זעהר רייך, איך האָב זיך דארום בעשלאסען צו איהם צו פאהרען; אום ניט אלס שווערע לאסט אויף מיין גוטען ארמען אנקעל צו פאלען. דער אנקעל האט געגען מיין בעשלוס פראטעסטירט, ער וואָלט מיך פון זיך ניט אָבלאָזען, אלס אבער ער האט געזעהן דאס זיינע פראָטעסטע ווירקען ניט, האט ער מיר געגעבען געלד אויף דער רייזע און איך בין אהער געקומען, לײדער אבער קען איך מיינען פאטער ניט אויסגעפינען, איך פאנג אן צו גלויבען דאס ער וואהנט גאר ניט היער. פיער וואָכען זיץ איך היער אין דיעזער פרעמדער שטאדט אלעס וואס איך האב געהאט האב איך פערקויפט און בין געבליעבען עלענד און הילפלאָז. פערשטעהט איהר יעצט וויא שרעקליך מיין לאגע איז גוטע פרויא? (ווישט דיא אויגען)

ספרינצע  נעביך נעביך! דוא האָסט מיר מיין הארץ צובראָכען מיט דיין מעשה'לע. אבער זאג מיר מיין קינד וויא הייסט דיין טאטע אפשר קען איך איהם.

ליזא  זיין נאמען איז בערל שטיינפעלד.

ספרינצע  (נאכדענקענד) בערעל שטיינפעלד? איז ער ניט א הויכער איד מיט א געלער באָרד?

ליזא  איהר קענט אזא מענשען?

ספרינצע ניין איך קען איהם ניט, איך סען א אידעל מיט א נעלע בארד הייסט ער גאר ירוחם ניט בערל, בקיצור מיין קינד אזוי בלייבט דאס, דוא וועסט אננעהמען יענע שטעלע און דוא וועסט אן אלע צרות פערגעסען און אויב דוא וועסט מיך עפעס פאָלגען וועסטו אָנקלייבען א סך געלד אין א קורצער צייט,

ליזא וויא אזוי?

ספרינצע וויא דוא קוקסט מיך אן טאכטער בין איך שוין ניט קיין יונג מיידעל, איך קען דיא וועלט זעהר גוט עס איז דא א ווערטעל „בשתיקה וועסטו עסען אין סוכה". דאס מיינט מען אז ווען מען האט שכל צו פערדיענען עטליכע רובעל בשתיקה ווערט מען רייך און מען קען עססען דיא בעסטע מאכלים אין א שעהנער סוכה.

ליזא איך פערשטעה ניט וואס איהר מיינט.

ספרינצע פערשטעהסטו מיך מיין קינד, מיט עהרליכקייט אליין קען מען היינטיגע צייטען גאר ניט מאכען, דאריבער מעג מען אמאל זיין אביסעלע אונעהרליך, דוא קומסט למשל אן אויף א שטעלע אין א גבירעש הויז, דארפסטו שכל האָבען און פערשטעהן וואס צו טהאָן פערגעסט דער בעל הבית זיין ראָק אין א חדר דארפסט דוא א טאפּ טהאן אין קעשענע טאָמער ליגט דאָרט עפּעס, קענסט דוא צוגעהן צו זיין קאססע און אנטלייען פון דאָרט עטליכע רובעל פויל זיך ניט און חאפּ דעם גמילות חסד. וואלגערט זיך אין שטוב עפּעס א זילבערנע כלי ברייננ דאס צו מיר וועסט דוא דערפאר חאפּען עטליכע גילדען, אבער דאס דארף אלץ געמאכט ווערען בשתיקה קיינער זאָל חלילה דאס ניט דערשמעקען, ווען דוא וועסט אזוי טהאן זאג איך דיר צו אז דוא וועסט זיצען אין סוכה.

ליזא איך האב ניט ערוואַרטעט פון אייך זאָכבע עצות צו הערען, דאס איז שענדליך, דאס איז ניעדערטרעכטיג.

ספרינצע דוא ווילסט מיך ניט פאלגען וויא דוא ווילסט זיך, איך האב דיר נעגעבען אן עצה וויא א געטרייע מאמע.

ליזא עהרליך איך וויל עהרליך מיין ברויט פערדיענען.

ספרינצע שא, עהרליך זאָל זיין עהרליך, אוי וועסטו מיין קינד שפּעטער חרטה האבען וואס דוא האָסט ניט געפאָלגט ספרינצע דער מעקלערין. געדענק דוא וועסט אלע מאָל דערמאנען מיין קלוג ווערטעל בשתיקה וועסט דוא עסען אין סוכה.

זיא זינגט:

# בשתיקה.

היינטיגע צייט ווער עסט אין סוכה?
און ווער הייסט א פיינער מאן?
גנבים, שווינדלער מורה'דיגע,
וואס קען גאר ערגער ניט זיין.
נור מיט שכל אלסדינג טהאן,
און גנב'נען בשתיקה,
ועסטו קינד מיינס זיין א מענש,
וועסטו עסען אין סוכה.

2

ווער עס קען א רבי'ן א גוטען איד,
הייסט, ער שפיעלט גוט דיא ראָללע,
ער פערשטעהט דעם שווינדעל זעהר גוט,
און פערדרייט דיא קעפּלאך אללע,
נאָר צום שווינדעל איז ער געשטעלט,
און טהוט וואס מען טאָהר ניט בשתיקה,
דאָך האלט פון איהם א האלבע וועלט,
דערפאר עסט ער אין סוכה.

3

ווען דיא בעל־בית'טע איז ניט קיין בריאה,
זאָלסט דוא דיא בריה זיין,
זעהטס נאָר זילבער פון אויבען ליעגען,
ראם עס דיר אין קעשענע אריין,
נאָר מיט שכל אלסדינג טהאָן,
און גנב'ענען בשתיקה,
וועסטו קינד מיינס זיין א מענש,
וועסטו עסען אין סוכה;
בשתיקה. בשתיסה, וועסטו עסען אין סוכה.
בשתיקה, בשתיקה, וועסטו עסען אין סוכה.

# דריטעס ביל ד.

(פרעכטיגעס צימער, בייא באָרים שטיינהויז אין הויז.)

## ערשטער אויפטריט.

מאריא (זיצט מיט א פאַפּיראָס אין מונד אנא (זיצט ווישט דיא אויגען)

אנא (קלאפּט מיט דעם פויסט אין טיש) ניין ניין זאָג איך דיר, איך וויל צולִיעב דיר ניט שטארבען א יונגע.

מאריא אַלמעכטיגער גאָט! ווער וויל דען דוא זאָלסט שטארבען א יונגע? ווייסט דוא דען ניט אז דוא ביזט בייא מיר טהייער וויא מיינע אויגען אין קאָפּ?

אנא איך זעה, איך זעה אז דוא זוכסט נאָר מיין טויט. דאס האָט מען דאָך ניט געהערט זייט דיא וועלט שטעהט, עלטערן זאָלען זיך אזוי ניט אינטערעסי־רען פאר זייער איינציג קינד.

מאריא אבער זאָג מיר מיין טאָכטער וואס ווילסט דוא. היט איך דיך דען ניט אָב וויא מיין נשמה, דוכט זיך אלעס וואס דוא פערלאנגסט ווערט בע־שאפען נאָך איידער דוא רעדסט דאס ארויס.

אנא וואס קומט ארויס פון דיא רייד, דוא ביזט א פּראָסטע אונגעבילדעטע אי־דענע און פערשטעהסט גאר ניט וואס דיא היינטיגע וועלט פאָדערט.

מאריא נוא אדרבא, זאָג מיר וואס פאָדערט היינטיגע וועלט.

אנא טויזענד מאָל האָב איך דיר דאס שוין ערקלערט און דוא פערשטעהסט מיך ניט, אוי וויא ביטער דאס איז אז מען האָט א פּראָסטע אונווי־סענדע מאמע.

מאריא דיר געפעלט אלץ דיא מאמע ניט, ח״לעבען איך האָב מיך נאָר ניט צו שעהמען אנטקעגען אלע געבילדעטע דאמען.

אנא ווען דוא זאָלסט האָטש זיין געבילדעט אויפ׳ן שפּיטץ מעסער, וואלסט דוא פערשטאנען וויא מען בענעהט זיך מיט אזא טאָכטער וויא איך בין, דוא ווייסט נאָך נאָר ניט דיא שולדיגקייט פון א מוטער געגען א קינד.

מאריא נוא זאג מיר אויך וויא דארפען זיך געבילדעטע מאמעס בענעהן מיט זייערע טעכטער.

אנא ערשטענס מוז יעדע געבילדעטע מאמע אויסשרייבען פאר דער טאָכטער

אלע מאָדישע זשורנאַלען, אום דיא טאָכטער זאָל זיך קענען מאַכען קליידער נאָך דער לעצטער מאָדע.

מאַריא נוא און דוא מאַכסט דען ניט פאַסט אלע וואָך אַ נייע קלייד נאָך דער לעצטער מאָדע.

אַנאַ וואַרט איך האָב נאָך ניט גענענדיגט, אַ רעכטע געבילדעטע מאַמע מוז האַלטען פאַר דער טאָכטער אַ בעזונדערע פּאָקאָיאָווע, וועלכע זאָל איהר פערשפּאָרען דיא קלענסטע ארבייט, ניט דיא טאָכטער זאָל דאַרפען זיך אליין אָנ־אויסטהאָן און מיט איהרע איינענע הענד פערקעמען איהרע האאר.

מאַריא אללמעכטינער גאָט! ווער איז דיר שולדיג וואס דוא קענסט מיט דיינע פּאָקאָיאָוועס ניט שטימען, רעכען חאָטש אויס וויפיעל דיענסטען דוא האָסט געהאט אין דעם לעצטען חודש ניט ווענינער פון צעהן. וויא נאר צו דיר קומט אָן אַ דיענסט שילסטו און זידעלסט זיא מיט דיא שענדליכסטע ווערטער ביז זייא מוזען פון דיר אַנטלויפען.

אַנאַ וואס דען האסט דוא געוואָלט זיסע מאַמע מיינע, איך זאָל מיט מיינער אַ דיענסט וויא מיט אַ שוועסטער לעבען, זיא איז אַ דיענסט דאַרף זיא וויסען אַז איך בין איהר באַלאַבאָסטע.

מאַריא אבער איך בין דאָך ניט שולדיג וואס זייא אנטלויפען פון דיר. ספּרינצע דיא מעקלערין וועט דיר געוויס היינט ברענגען אַ פרישע דיענסט, נוא וועט זיא בייא דיר דען לאַנג זיין?

אַנאַ דאס איז ניט דיין געשעפט, דוא אלס געטרייע מאַמע דאַרפסט דיין טאָכטער פערזאָרגען מיט אלץ וואס זיא דאַרף.

מאַריא נוא שוין גאר? מעהר דאַרף אַ מוטער גאר נישט טהאָן?

אַנאַ חאַ חאַ חאַ! שוין גאָר. זיא האָט גאר קיין צייט ניט, ניין פּראָסטע אידענע, דאס איז נאָך גאר ניט, אַ געבילדעטע קלוגע מוטער מוז אלע קרעפטע אנווענדען דער טאָכטער גליקליך צו מאַכען.

מאַריא וויא צום בייששפּיעל קען זיא דער טאָכטער גליקליך מאַכען.

אַנאַ אַזא פראַגע קען טאַקי פרעגען נאר אַ פּראָסטע זשידאָווקע, יעדע מאַמע וואס האט אַ דערוואַקסען מיידעל מוז זעהן אַז צו דער טאָכטער זאָלען אריינקומען דיא שעהנסטע יונגע לייט, אום זיא זאָל האָבען דיא מעגליכקייט זיך אין איינעם פון זייא צו פערליעבען.

מאַריא נוא ווער זשע לאָזט דיך ניט דוא זאָלסט זיך ניט פערליעבען?

אַנאַ אין ווענען געטרייע מוטער מיינע, יא אין ועמען וויכלסט דוא איך זאָל מיך

פערליעבען אפשר אין וואלף האצענזאָהן מיט דער לאַנגער נאָז, אדער אין ליעוו קאטצענקאָפּ מיט דער גראָבער ליפּ, א קשיא אויף דיר, דוא וועסט מיר פיליייכט הייסען איך זאָל מיך פערליעבען אין פייטעל דעמב מיט דיא גרויסע ציין. ניין פּראָסטע אידענע! אזעלכע געליעבטע האלט פאר זיך.

מאריא אלמעכטיגער גאָט! וואס זשע בין איך שולדיג וואס קיינער געפעלט דיר ניט.

אנא יא דוא נאָר דוא ביזט אין דעם שולדיג. ווען דוא זאָלסט זיין א רעכטע מאַמע וואָלסט דוא געמאכט אז צו אונז אין שטוב זאָלען אריינקומען רעכטע יונגע לייטע.

מאריא אבער זאג מיר אין וועמען ווילסט דוא זיך פערליעבען, וועל איך שוין מאכען ער זאָל קומען אהער.

אנא איך פרעג דיך פאר וואס קומט אהער קיין מאָל דער דאָקטאָר טאַנענבלום. דרייא גאנצע מאָנאטען איז ער שוין דא אין קעשינאוו און בייא אונז איז ער נאָך ניט איין מאָל געווען.

מאריא וואס האָט ער דאָ צו טהאָן, איז דען חלילה אימעצער זאָ קראנק?

אנא נוא בין איך ניט גערעכט וואס איך זאָג אז דוא ביזט א פּראָסטע אידענע, דוא מיינסט אז א דאָקטאָר דארף נאָר קומען ווען מען איז קראנק. בייא לייטען אבער, עס הייסט אין דיא אריסטאָקראטישע הייזער קומען דיא דאָקטוירים יעדען טאָג אזוי אריין אביסעל פערברענגען און דא דארף מען גאר בעטען גאָט מען זאָל קראנק ווערען ווען מען וויל זוכה זיין צו דערזעהן א דאקטאָר.

מאריא שאַ, זייא ניט אזוי אין כעס, דוא ווילסט דאָך מסתמא דער דאָקטאָר טאַנענבלום זאָל אהער קומען אום דוא זאָלסט קענען זיך אין איהם פער־ליעבען נוא וועל איך מאכען ער זאָל באלד אהער קומען.

אנא וויא אזוי וועסטו דאס מאכען.

מאריא זעהסט דוא חאָטש דוא זאָגסט אז דיין מאמע איז א פּראָסטע אידענע, וועל איך דיר ווייזען אז זיא איז קלינגער פון אלע היגע נעבילדעטע דאמען. וויא דוא פערשטעהסט ניט וויא אזוי מען קען מאכען דער דאָקטאָר זאָל אהער קומען? איך האָב דערצו אנ׳איינפאך מיטעל, איך וועל פערבינדען דיא באַק און וועל שרייען אויף דיא ציין, עס הייסט איך וועל שרייען גוואלד אז א צאָהן טהוט מיר וועה, נוא אז א צאָהן טהוט וועה מוז מען דאָך רופען א דאָקטאָר.

אנא דאס איז טאקי א גליקליכער איינפאל, וויא קומט צו דיר אזא חכמה, נוא וועסט דוא שרייען אויף דיא ציין?

מאריא טאקי באלד (לויפט צום טהיר) שמערקע! שמערקע!

# צווייטער אויפטריט.

## שמערקע.

שמערקע דאָ בין איך מאדאם!

מאריא לויף געשווינד צום דאָקטאָר טאנענבלום און רוף איהם אהער דען דיא ציין טהוען מיר שטארק וועה, דוא הערסט?

שמערקע עס פערשטעהט זיך אז איך הער. נאר זאגט מיר מאדאם שוין לאנג אז דא ציין טהוען אייך וועה?

מאריא דאס איז ניט דיין געשעפט, געה וואוהין איך שיק דיר.

שמערקע איהר פערשטעהט ניט אנטקעגען וואס איך פרעג דאס אייך, מיין מוהמע זלאטע מלכה איז דיא גרעסטע מומחטע אויף ציין וועטיג, וויא זיא שפרעכט נור אַפּאַ קראנקען צאהן אזוי נעהמט אָב דער וועטהיג וויא מיט דיא הענד. פאָלגט מיך רופט זיא בעסער.

מאריא איך הייס דאָך דיר געהן רופען דעם דאָקטאָר טאנענבלום.

שמערקע דער דאָקטאָר טאנענבלום איז דאך גאָר אן אויגען דאָקטאָר וויא קומט ער צו ציין?

מאריא (צאָרניג) געה רוף מיר דעם דאָקטאָר טאנענבלום הייס איך דיר.

שמערקע אָט געה איך (אפארט) בייא לייטען האָבען מיר געזעהן אז ווען עס טהוט וועה דיא ציין האָט מען קיין כח ניט צו רעדען און דאָ שרייט זיא וויא א געזונטער סאָלדאט (אב)

אנא איך וועל לויפען פערקאמען מיינע הואר, עס פאסט ניט זיך אזוי צו ווייזען פאר דעם דאָקטאָר (אב)

מאריא (אליין) איך וויס גאר ניט וואס דאָ טהוט זיך מיט מיר, זייט צוואנציג יאָהר לעג איך אוועק אלע כחות אום מען זאָל זאָגען אז איך בין א געבילדעטע דאמע, צום סוף רופט מיך מיין טאָכטער פראָסטע אידענע. און אז זיא זאָגט וויים זיא וואס זיא רעדט. עפּעס איז זיא דאָך א היינט מאָדישע מאמזעל, אלמעכטינער גאָטט! וויא ווערט כען פאָרט א געבילדעטע דאמע דוכט זיך איך וויז אוים וויא א געבאָרענע אריסטאָקראטקע, א קלייד מיט א שלעפע טראג איך נאָך לעננער וויא דיא מאָדע פאָדערט. אין מיין רעדען ווארף איך אריין פראנצוי־זישע און דייטשע ווערטער, איך קען אויסווענינ אפש״ הונדערט נעמען פון פער־שיעדענע ביכער און זייערע שרייבער, פון א סך ביכער וויים איך דעם אינהאלט

אויך איך מאך נאר אָפּט א פּעהלער און זאָג דיא ווערטער פון איין פּער-אסער אין דעם נאָמען פון אן אנדער שרייבער, אבער דאס איז דאָך א קליינינגקייט, ווער קען זיך דאס אָנגעדענקען ריכטיג וואס יעדער שרייבער זאָגט. פאר וואס זשע שרייט מיין אנא אז איך בין א פּראָסטע אונגעבילדעטע זשיראוועקע, (פּויזע) באלד וועט געוויס דער דאָקטאָר קומען, לאָ'מיך פערבינדען דיא באַק. (פערבינדט דיא באק מיט א ווייסע טוך) הא! איך הער אימעצער קומט, דאס מוז זיין דער דאָקטאָר (לעגט צו דיא האנד צום באק און שרייט) אי אי אי!

---

## דריטער אויפטריט.

### ספּרינצע.

**ספּרינצע** גאָט העלף אייך מאדאמוניו. וועה איז מיר וואס שרייט איהר אזוי? וואָס געהט איהר דאס עפּעס ארומגעבונדען?

**מאריא** דיא צעהנע אָ דיא צעהנע.

**ספּרינצע** דיא צייהן טהוען אייך וועה. מיר פאר אייך, מען דערקענט טאקי אָז אייך אז איהר זייט האלב מענש געוואָרען. נוא וואס זשע שווייגט איהר, פאר וואָס טהוט איהר גאר נישט?

**מאריא** איך האָב געשיקט נאך א דאָקטאָר.

**ספּרינצע** וואס טויגען אייך דיא דאָקטוירים. איך וועל אייך געבען א מיטעל וועט איהר אין איין מינוט געזונט ווערען, לעגט צו א שטיקעל קנאָבעל מיט זאלץ, וועט איהר נייא געבוירען ווערען.

**מאריא** אי לאָזט מיך צו רוה מיט אייערע רפואות, זאָגט וואס פערלאנגט איהר?

**ספּרינצע** אז איהר ווילט מיין רפואה ניט פּריוועןן, זאָל אייך גאָט צו שיקען א בעסערע רפואה איך בין דען חלילה אויסען געוועןן אייך שלעכטס? הקואי וואָס איך ווינש אייך זאָל אויף מיין קאָפּ פאלען.

**מאריא** ווענען וואס זייט איהר יעצט געקומען?

**ספּרינצע** איך האָב געבראכט א פּאָקאָיאָווע פאר אייער טאָכטער זאָל געזונד און שטארק זיין, אבער א פּאָקאָיאָווע זאָג איך אייך וואס א איז תענוג אויף איהר א קוק צו טהאָן. זיא מעג זיין א פּאָקאָיאָווע בייא דער קייסערינע, זיא האָט

נעדיענט אין אָדעסס בייא דיא גרעסטע מיליאָנשציקעס און אלע זיינען פון איהר נעווען שטארק צופריעדען.

מאריא איך ווייס שוין דיא אנטיקען וואס איהר ברענגט מיר, מיין טאָכטער האָט שוין נעביך א קראנק הארץ פון אייערע דיענסטען.

ספרינצע ח'לעבען מאדאמוניו, עפעס זייט איהר דאך אָהן עין הרע א וואויל־קענעוודיגע אידענע, דארפט איהר דאָך אליין פערשטעהן אז איך בין ניט שולדיג ווען איך ברענג אייך אמאל ניט קיין נעראָטענע דיענסט. גאָט איז מיין עדות אז איך וויל נעווים וויא צום בעסטען, איך האָף צו זיין ליעבען נאָמען אז פון דער פאָקקאָיאָווע וואס איך האָב אייך איצט נעבראכט וועט איהר מיר דאנקען און דאנקען.

מאריא וואו איז זיא ?

ספרינצע אָט וועל איך זיא אריינרופען (לויפט צו צום טהיר עפענט זיא און שרייט) קום אריין מיידעל.

---

## פיערטער אויפטריט.

ליזא (קומט אריין פערשעהמט בלייבט שטעהן אין טהיר)

ספרינצע דאס איז מיין סחורה, מאדאמוניו, (צו ליזאן) קום צו נעהענטער שעהם זיך ניט (ליזא גיהט צו נעהענטער)

מאריא (אפארט) דאס מעדכען ווייזט אוים וויא א גראפיש קינד (צו ליזאן) וואו האָסט דוא געדיענט ביז אהער ?

ליזא איך האָב ביז הייטע בייא קיינעם געדיענט.

ספרינצע (צו ליזאן בסוד) וואס טהוסט דוא ? זאג אז דוא האָסט יא נעדיענט (צו מאריאן) זיא האט זיך נעביך דערשראָקען דאס ערשטע מאָל אין א פרעמדער שטוב, ווייס זיא ניט וואס זיא רעדט אבער אין אמת'ן האט זיא נעדיענט אין דיא רייכסטע הייזער אין אָדעסס.

מאריא (צו ליזאן) דוא מיינסט אז איך וויל דיך נעהמען פאר א שנור וואס דוא שעהמסט זיך צו זאגען אז דוא האָסט נעדיענט.

ליזא איך קען קיין ליענען זאגען, איך ווידערהאָלע מיינע וואָרטען איך האב נאך נירגענד וואו ביז הייטע געדיענט.

ספרינצע (אפארט) אלע וויסטע חלומות צו איהר קאָפּ (צו מאריאן) זעהט נאר וויא מען קען א מאל א טעות האבען, מיר האָט אויסגעוויעזען אז

זיא האט געזאגט אז זיא האט אין א סך ר'ייכע הייזער געדיענט. אבער פאר אייך איז טויזענד מאל בעסער וואס זיא האט נאך ערגעץ ניט געדיענט, ווייס זיא נאך ניט אלע חצופישע שטיק פון דיא היינטיגע דיענסטען.

מאריא (צו ליזאן) פערשפערבסט דוא צו ארבייטען און געהארזאם צו זיין?

ספרינצע אלסדינג וואס איהר וועט הייסען וועט זיא באלד טאהן. איא מיידעלע?

ליזא איך וועל מיך בעמיהען אייך צופריעדען צו שטעלען.

ספרינצע מיט גאטס היקף איהר וועט אלע צופריעדען זיין.

---

## פינפטער אויפטריט.

### אנא.

מאריא שא אט איז מיין טאכטער אליין.

אנא (נייניערינג) ווער איז דאס פריילין?

מאריא חא חא חא! פריילין זאגט זיא. דאס איז דאך דיא נייע פאקאיאווע וואס ספרינצע האט דיר געבראכט.

אנא א פאקאיאווע? זיא געהט דאך אנגעטהאן שיינער פון מיר.

ספרינצע עס מאכט ניט אוים, מעהר האט זיא ניט וויא דאס איינע קליידעלע, זיא איז א וואוילע פאקאיאווע, א א יאהר אויף מיר.

מאריא וואס זאגסט דוא מיין טאכטער, געפעלט דיר דאס מיידעל?

ספרינצע פאר וואס זאל זיא איהר ניט געפעלען.

אנא וואס האט זיא מיר צו געפעלען, אויב זיא וועט ניט זיין פויל און וועט טהאן אלעס וואס איך וועל איהר הייסען וועל איך זיא האלטען און אויב ניט וועט זיא מעגען זוכען אן'אנדער שטעלע.

ספרינצע איהר דארפט נאך מסופק זיין אויב זיא וועט אייך פאלגען? איהר וועט דאך איהר צאהלען געלד און זיא וועט עסען אייער ברויט איא מיידעל דוא וועסט פאלגע.

ליזא געוויס וועל איך געהארכזאם זיין.

אנא דוא זאלסט נאר איין זאך אין זינען האבען אז דוא ביזט מיין דיענסט און איך בין דיין בעל־הבית'טע, איך האב זעהר פיינד אז מען ברענגט מיך אריין אין כעס.

## זעקסטער אויפטריט.

שמערקע.

שמערקע אַט נעהט ער.

מאריא ווער?

שמערקע וואס הייסט ווער? איהר האָט דאָך מיר געשיקט נאָך דעם דאָק־טאָר טאנענבלום, נוא האָב איך איהם גערופען און ער נעהט.

אנא ער נעהט שוין?

מאריא (צו ספרינצען) פיהרט אריין אייער פּאַקאָיאָווע אין קיך זיא בלייבט בייא אונז.

ספרינצע אין א גוטער מזל'דיגער שעה, איך זאג אייך נאָך א מאָל אז איהר וועט מיר פאר איהר דאנקען קום מיידעל (זיא מיט ליזאן אָב)

אנא (צו שמערקען) וואו איז דער דאָקטאָר?

שמערקע באלד קומט ער זאָג איך אייך (אָב)

אנא ניבער מאכא טהו א קוק וויא ליענט אויף מיר דאס קלייד (דרעהט זיך אום איינינע מאָל)

מאריא גוט זעהר גוט.

אנא נוא און וויא זיינען מיינע האאר פערקאמט?

מאריא זעהר שעהן, לאָז איך וועל דיר פעררריכטען דעם קראגען (פעררריכט איהר דעם קראגען)

אנא איך הער מען קומט, דאס מוז זיין דער דאָקטאָר, ניבער פּראָסטע אידענע מאך דאס אביסעל ניבער.

מאריא וואס? איצט בין איך אויך א פּראָסטע אידענע?

אנא ער נעהט, ער נעהט, שרייא שוין אויף דיא צייהן.

מאריא (חאפט זיך פאר דער באק) אָי אָי אָי!

---

## 7טער אויפטריט.

דאָקטאָר טאנענבלום.

מאריא דאָקטאָר ראטעוועט מיך, איך בין פארבייא.

טאנענבלום זייט רוהיג מאדאם, איך ווערדע זאָפאָרט איהרע שמערצען שטי־לען. ציינען זיא מיר נור דען ליידענדען צאהן.

מאריא (עפענט דאס מויל) דארטען איז ער, א באק צאהן.

טאנענבלום איך זעה איך זעה זיא האבען פיעלע פערדארבענע צייהן. שוין לאנג ליידען זיא זאלכע שמערצען.

מאריא שוין צוויי טאגען.

טאנענבלום מען מוז דיעזע אלע פערדארבענע צייהן ארויסציהען.

מאריא זאל אייך גאט היטען, איהר זאלט מיר קיין צייהן רייסען, איך וויל ניט, איך דארף ניט.

טאנענבלום בכויז יענעם צאהן ווערדע איך אויסרייסען, פערהאלטען זיא זיך נור רוהיג (נעהמט ארויס א צוואנג)

מאריא (שפרינגט ערציטערט אב) אה ווערה וואס ווילט איהר טהאן, איך וויל קיינע ציין רייסען זאג איך אייך.

טאנענבלום אלזא גוט איך ווערדע איהנען טראפפענס פערשרייבען או זייא ווערדען דיא שמערצען זאפארט שטילען (ער זעצט זיך שרייבען א רעצעפט)

אנא (שטיל צו מאריא'ן וועהרענד דער דאקטאר שרייבט) פראסטע אידענע פאר וואס שטעלסט דוא מיך פאר דעם דאקטאר ניט פאר.

מאריא הערר דאקטאר איך האב פערגעססען פאר אייך מיינע ליעבע טאכטער פארצושטעלען. (אנא פערביינגט זיך)

טאנענבלום (הערט ניט און זעהט ניט) דיעזע טראפפען זאלען זיא מאדאם אויף איין שטיקכען וואטע צום קראנקען צאהן צו לעגען, ווערדען דיא שמערצען פערשווינדען (גיט איהר דעם רעצעפט)

מאריא איך האב דיא עהרע פאר אייך הערר דאקטאר מיין ליעבע טאכטער פארצושטעללען.

אנא (זיך פערנייגענד) אנא באריסאוונא שטיינהויז.

טאנענבלום זעהר אנגענעהם.

מאריא מיין נאמען איז מאריא וולאדימיראוונא שטיינהויז.

טאנענבלום פרעהט מיך זעהר איהנען צו קענען.

אנא איך האב שוין לאנג געוואלט דיא עהרע האבען זיא מינדליך צו קענען.

טאנענבלום (אפארט שמייכלענד) מינדליך צו קענען?

מאריא און איך האב שוין לאנגע נעגארט אייך אין מיין שטוב צו זעהן.

טאנענבלום איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר דיעזער פריינדשאפט מיך וועט זעהר פרעהען מיט אייער פאמיליע נאהענט בעקאנט צו זיין ווייל איך בין

זייט א קורצע צייט היער און האָב נאָך ליידער וועניג פריינדע און בעקאַנטע.

מאריא איהר זאגט פונקט וויא דער בעריהמטער שרייבער פושקין זאגט אין זיין ראָמאַן גראַף מאנטא קריסטא אז א מענש אין א פרעמדער שטאדט איז געגליכען צו א פייגעלע אין א פרעמדען נעסט.

טאנענבלום (אפארט שפּאַטיש) פושקין אין גראף מאנטא קריסטא, דאס איז שעהן.

אנא איך האָב אלץ געזוכט דיא געלעגענהייט מיט אייך בעקאנט צו ווערען, איך האָב אלץ געוואָלט האבען דיא עהרע אייך אין אונזער שטובע צו זעהן, ביז גאָט האט געהאָלפען מיין ליעבער מוטער האבען אָנגעהויבען דיא צייהן ווייה צו טהאָן האָט מען באלד נאָך אייך געשיקט. וואס איז אייער מיינונג הערר דאָק־טאָר וועגען אונז?

טאנענבלום (אפארט) בין איך ניט אריינגעפאלען צווישען משוגעים? (צו אנא) איך מוס איהנען דיא וואהרהייט זאגען מאדמאזעל דאס איך האָב ניט ערוואַרטעט היער צו פינדען זאלכע געבילדעטע עדלע פרויען וויא זיא מיט איהרע מוטער.

מאריא איהר זאָגט וויא שלמה המלך האט געזאגט אין זיין ראָמאן ראמעא און יוליא, אז א גוטע זאך קומט צופעליג.

טאנענבלום (אפארט) איז זיא פעררוקט שלמה המלך אין ראָמעא און יוליא. (צו מאריאן) וויא איך זעה זייט איהר מאדאם שטארק בעלעזען אין ביכער פון פערשיעדענע שפראכען.

מאריא ניט צו פערזינדיגען מיר האבען זיך ניט צו שעהמען אנטקעגען אלע געבילדעטע דאמען.

טאנענבלום יא דאס זעה איך, אלזאָ מיינע דאמען איך מוז מיך עמפפעהלען, איך האָב נאָך אייניגע פאציענטען צו בעזאָרגען, האבען זיך אייערע שמער־צען מאדאם עטוואס בערוהיגט.

מאריא א דאנק דעם עוויגען מיר איז פיעל בעסער, איך זעה וויא ריכטיג שילער האט געזאגט אין זיין ראָמאן אסצי א דיעטי אז א קלוגער מענש פער־הייכט אלע וואונדען נאָר מיט זיינע זיסע ווערטער.

טאנענבלום (אפּארט) מיט איהר בילדונג מאכט זיא מיך קראנק (אויפשטע־הענד פון זיין אָרט) אדיע מיינע דאמען צום ווידערזעהן.

אנא ווארום איילען זיא זיך אזוי הערר דאָקטאָר.

מאריא אין אמת'ן וואס איילען זיא זיך אזוי?

טאנענבלום איך בין יעצט נענגן מיין ווילען געצוואונגען איהנען צו פערלאס־
סען מיינע דאמען, אבער זיא קעננען זיכער זיין דאס איך ווערדע זיא צו
לאסט פאלען מיט מיינע בעזובע.
אנא מיר ווען אייך ערווארטען וויא דיא אידען ווארטען אויף משיח׳ן. איהר
ווייסט גאר ניט הערר דאקטאר וויא לאנגוויילינג אונז איז אין דער שטאדט.
א שטאדט מיט פראסטע אונגעבילדעטע מענשען, עס איז ניטא אפילו מיט וועמען
א ווארט אויסצורעדען, און אז מען טרעפט אזא קלוגען שעהנעם געבילדעטען
מענשען וויא איהר זייט איז מען זיך פאשאט (פשוט) מאחאיא (מחיה)
מאריא ווען מען רעדט מיט אייך מיינט מען אז מען איז אין פאריז.
דאקטאר דאנקע פיר זאלכע שעהנע קאמפלימענטע מיינע דאמען, אדיע.
מאריא—אנא (שארקען מיט ריא פיס) אדיע אדיע הערר דאקטאר.
זייא שארקען מיט דיא פיס און פערבייגען זיך קאמיש איינינע מאל ביז
דער פארהאנג פאלט.

---

# צווייטער אקט.

---

## פירטעס ביל ד.

בייא בארים שטיינהויז אין זאאל.

### ערשטער אויפטריט.

---

אנא (שטעהט געגען שפיעגעל) ליזא (שטעהט פון הינטען ברענגט
אין ארדנונג אנא׳ס קלייד)

אנא וויא וויז איך יעצט אויס?
ליזא דאס קלייד ליגט אויף אייך זעהר גוט.
אנא דאס הייסט א פראסטע דיענסט מויד, איך פרעג איהר דאס און זיא ענט־
פערט מיר בוידים. איך פרעג דאך דיך וויא וויז איך יעצט אויס?
ליזא איהר וויזט אויס ניטשלעכט

אנא שטיק פלייש וואס דוא ביזט, ניט שלעכט זאָגסט דוא? איך וייז דאך יעצט אויס וויא א געבאָרענע פּרינצעססין זאג האָסט דוא אין דיין לעבען געזעהן אזא שעהנהייט וויא איך בין? (ליזא שווייגט) פאר וואס ווייגסט דוא דיענסט מויד איך פרעג דאך דיך עפּעס.

ליזא וואס פרעגט איהר מיך.

אנא ביזט טויב צום שווארציאָהר? אָדער דוא מאכסט דיך וויא דוא הערסט ניט. איך ברעג דאך דיך צו דוא האָסט אין דיין לעבען געזעהן אזא שעהנ־הייט וויא איך בין פאסט מיר ניט צו זיין א קעניגין? וואס? דוא זאגסט ניין?

ליזא ווער זאגט אייך דען ניין.

אנא וואס זשע רעדסט דוא מיט א האלבען מויל, דוא האָסט שוין גאר קיין כח ניט צו רעדען אביסעל העכער און עפּעס מעהר ווערטער, דוא פרעסט דאכט זיך וויא נאך א קרענק. אי דיא דיענסטען, דיא דיענסטען, אָהן א הארץ און אָהן א נאָל קען מען פון זייא בלייבען. טפוי אויף אזעלכע מיאוס'ע בעשעפענים (שפּייט אויס און געהט אב)

ליזא (אליין) ניין! אזא פינסטער ביטער לעבען האָב איך ניט ערוואַרטעט. אָה אָרעמע עלענדע דיענסטען ווען איהר אלע ווערט זאָ בעהאנדעלט וויא איך זייט איהר דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט. אבער ניין עס איז אונגלויבליך אלע ווירטהינס זאָלען זיין זאָ דום, זאָ הערצלאָז און זאָ אונמענשליך. מוטער געטרייע מוטער מיינע ווען דוא זאָלסט פון גראב אויפשטעהן און זעהן וויא דיין קינד קוועלט זיך וואָלסט דוא געוויס צוריק אין דיין גרוב געזונקען. (ווישט דיא אויגען)

---

## 2טער אויפטריט.

שמערקע (מיט א בוקעט אין דער האנד)

שמערקע וואו איז דאס פריילין, איך האָב איהר געבראכט דיא בלומען.

ליזא זיא מוז זיין בייא איהר מוטער אין צימער.

שמערקע (בעטראכט זיא) דוא האָסט געוויינט ליזא, דוא האָסט שוין ווידער געכאַפּט א שווארצען סוף פון דער משוגע'נער אנא.

ליזא ניין איך האָב ניט געוויינט.

שמערקע וועמען דערצעהלסט דוא מעשיות? האָב איך דען קיין אויגען ניט, זעה איך דען ניט וויא דיינע אויגעלאך זיינען פול מיט טרערעלאך? אבער

וואס איז דא מישטיינס נעזאגט פאר א חידוש, פון אזעלכע באַלאַבאַסטעס מוז מען וויינען, אך וויא דערלעב איך שוין פטור צו ווערען פון דער שטוב, אין אמת גערעדט האב איך פאר זייא קיין מורא ניט. איך הער זייא ביידע וויא דיא קעטץ, אבער איך קען ניט הערען וויא זייא האַפּקען און בילען גאנצע טעג וויא להבדיל דיא בייזע הינד, ח׳לעבען ליזא, דוא זאָלסט מיך פאָלגען. יא ווען דוא זאָלסט מיך פאָלגען..

ליזא וואס זאל איך דיך פאלגען.

שמערקע יא וויא איך בין א איד, דוא זאָלסט מיך פאָלגען וואָלטען מיר ביידע גליקליך געווען.

ליזא וואס מיינסט דוא מיט דיא וואָרטען?

שמערקע וואס איך מיין פרענסט דוא? דוא פערשטעהסט ניט וויא א בחור מיט א מיידעל קענען גליקליך ווערען? זייא שטעלען א חופה און פערגעסען אָן אלע צרות.

ליזא (בייז) וואאס?

שמערקע פערשטעהסט נאך אלץ ניט וואס איך מיין, נוא זאָג איך דיר ברחל בתך הקטנה לאה דיא גרויסע אז דוא געפעלסט מיר זעהר. און ווען דוא וועסט מיין פלונית׳טע ווערען וועסטו בייא מיר לעבען וויא א פויגעלע, איך וועל אויסגעפינען פאר אונז ביידען גוטע שטעלעס, איך וועל זיין א משרת דוא א דיענסט, ביידע וועלען מיר פערדיענען געלד און עס וועט זיין געלעבט וויא אין גן־עדן.

ליזא שטיל דוא דומקאָפּף וויא זאָ וואגסט דוא מיר זאָלכע פארשלענע צו מאכען.

שמערקע וואאס? דוא ווילסט נאך ניט? וואס זאגט איהר צו דער גרויסער מיוחסת, איך געפעל איהר ניט, ווילסט אפשר ווערען א רביצין, נוא נוא מאכטייסע זאָל דיר גאָט העלפען אבער ליזא זייא יך מישב. דוא האסט נאך צייט, ניט אלע טאג מאכען זיך פאר אזא מויד וויא דוא ביזט אזעלכע גליקען.

ליזא איך ווידערהאָלע מיין בעפעהל, דוא זאָלסט ניט וואגען מיר זאָלכע פאַר־שלענע צו מאכען.

שמערקע איהר בעפ.הל, וויא געפעלט אייך איך בעט אייך דיא גרויסקייט, אימעצער זאָ? דאס הערען וואָלט ער געמיינט אז זיא איז מיין באַלאַבאָסטע.

(שטרענג) ליזא! נעדענק וואס איך האב דיר געזאגט, פאר דיר שטעהט דאָ א גליס פון גליקלאנד (ציערטליך) נוא מאך זיך ניט נאריש גיעב אהער דיין הענטעלע און לאָ׳מיר ווערען חתן כלה אין א גוטער מזל׳דיגער שעה (ערגרייפט איהר האנד)

ל י ז א (גיט איהם א שטויס דאס ער פאלט צום באָדען) פאַרט פון מיר אונפער־
שעהמטער פרעכער קערל (אב)

ש מ ע ר ק ע (בלייבט זיצען אויף דער ערד) עהע! אזוי נאר? אזוי בעהאנדעלט
מען א גוטען ברודער פאר אמת'ע ליעבע דאס איז ח'לעבען גוט צו וויסען
(שטעהט אויף) דאס ערשטע מאָל אין מיין לעבען טרעפט דאס מיר אז א דיענסט
מויד זאָל מיך אזוי בעליידיגען, זאָל איך קרענקען אויב איך וועל דאס איהר שענקען,
איך וועל איהר וועיזען ווער עלטער איז.

---

# דריטער אויפטריט.

מ א ר י א (געקליידעט וויא צו א באָלל)

מ א ר י א דוא ביזט נאר דאָ שמערקע? שוין פון צווייא שטונדען זוך איך דיך,
וואו לויפסטו דאס ארום דעם גאנצען טאָג?

ש מ ע ר ק ע וואוהין מען שיקט מיך, אלע שיקען מיך, אלע טרייבען מיך ארום,
דער אהין דער אהער, איך האָב מורא אז איך וועל מוזען פאר זיך בע־
שטעלען א פאר געזונדע קוליעס, ווייל מיינע פיס ווילען מיר זאגען זייא געזונד.

מ א ר י א קוקט איהם נאר אן, ער האט זיך גאר צוריסען ארומלויפענדיג, זאג נאר
האָסטו גערופען אלע געסט וואס איך האב דיר געהייסען?

ש מ ע ר ק ע אלעמען גערופען אלעמען, זייא וועלען באלד אלע קומען.

מ א ר י א נוא און דעם דאָקטאָר טאַנענבלום האָסט דוא גערופען?

ש מ ע ר ק ע עס פערשטעהט זיך אז איך האָב איהם גערופען.

מ א ר י א וואו וועט ער קומען?

ש מ ע ר ק ע ער האָט זיך אפילו אביסעלע געקנייטשט, איך האָב פערשטאנען אן
זיין נאָז אז ער האט ניט קיין שטארקען חשק צו קומען, ער האט אביסעל
געטראכט און האט נאכדעם א וואָרטשע געטהאָן: גוט איך וועל קומען.

מ א ר י א ער האט דיך גאר נישט געפרעגט?

ש מ ע ר ק ע יא, ער האט מיך געפרעגט א געזונטע קשיא.

מ א ר י א וואס האָט ער דיך געפרעגט?

ש מ ע ר ק ע ווען איך האָב איהם געזאגט אז דיא מאדאם שטיינהויז מיט איהר
טאָכטער פרייליין בעט איהם זעהר הערצליך ער זאָל צו זייא קומען אויף דעם באָלל
האָט ער מיך א פרעג געטהאָן: וואס איז ביי זייא היינט פאר א שמחה.

מאריא ווא וואס האסטו געענטפערט.

שמערקע וואס למשל האב איך בעדארפט ענטפערן, ווייס איך דען וואס בייא
איך איז היינט פאר א גדולה.

מאריא האסט דוא איהם גאר ניט געענטפערט.

שמערקע וואס הייסט גאר ניט, בין איך דען חלילה א שטומער, אדער פעהלט
מיר חלילה שכל, א קלוגער מענש געפינט בעשטענדיג אויס א קלוגען תירוץ
אויף אלע קשיות, איך האב איהם געענטפערט אז איהר מאדאם האט היינט יאהר־
צייט נאך אייער טאטען.

מאריא וואאאאס? יאהרצייט נאך מיין טאטען? אי א מיתה משונה זאלסט
דוא איינגעהמען, גזלן וואס האסט דוא געטהאן, ווע־ האט דיר דען גע־
זאגט אז איך האב יאהרצייט נאך מיין טאטען.

שמערקע וואס דען איהר האט יאהרצייט נאך אייער מאמע?

מאריא אייזעל! פערד! פע־שטעהסט דוא דען ניט אז ביי אזעלכע געבילדעטע
מענשען וויא מיר זיינען שפיעלט א יאהרצייט קיין ראלע ניט? דער דאקטאר
וועט דאך מיינען אז מיר זיינען פראסטע פאנאטישע זשידעס.

שמערקע נוא האט איהר מיר בעדארפט פריהער זאגען וואס צו ענפערן.

מאריא אוועק פון מיינע אויגען דוא באלוואן.

שמערקע וויעדער קולות און וייטער געוואלדען, וויא איך בין א איד אז איך
וועל באלד אויך אנהויבען צו שרייען (שרייט) גוואלד וואס וויל מען פון מיין
לעבען האבען (אב)

מאריא (אליין) א יאהרצייט נאר, נוא דארף מען ניט האבען אייזערנע כחות
דאס אלץ איבערצוטראגען? א שעהנעם מיינונג קען דער דאקטאר פון אונז
האבען הערענדיג אז מיר האלטען פון אזעלכע זשידאווסקי נארישקייטען (געהט צ ם
שפיעגעל) איך ווייז היינט אויס זעהר שעהן. זייט איך האב מיך אנגעהויבען צו
צו פוידערן בין איך מיט צוואנציג יאהר אייננער געווארען, איך ווייז שוין באלד
אויס יונגער און שעהנער פון מיין אנגאן. איך קען שווערען אז איך ווייז היינט
אויס שעהנער אלס מיט צוואנציג יאהר צוריק ווען גאלמאן האט מיר פערדרעהט
דעם קאפ (פויזע) וואו קען יעצט זיין גאלמאן ער האט געמוזט לאנג שטארבען און

מיט איהם צוזאמען איז געשטאָרבען דיא געהיימנים פון מיין אננאס יחוס. מיין נארישער באָריס וועט ביז צו זיין טויט בלייבען בייא דער מיינונג אז אנא איז זיין טאָכטער (קוקט אין שפּיעגעל) דיא לינקע באק ווייזט אויס רויטער פון דער רעכ־טער, איך מוז זיא אביסעל צופּוידערן (נעהמט א קעסטעלע פּוידער זעצט זיך נעגען שפּיעגעל און פּוידערט זיך.)

---

## פיערטער אויפטריט.

באָריס (ער איז אייראָפּעאיש געקליידעט בלייבט שטעהן ערשטוינט זעהענדיג וויא מאריא פּוידערט זיך).

באָריס וואס טהוסט דוא מאריא? ווארום קאַלכסט דוא דאס פּנים?

מאריא (ערשרעקט זיך שפּייט אויס) טפוי איך האב מיך דערשראָקען, וואס ביזט דוא עפּעס אזוי שטיל אריינגעקומען? דוא האָסט מיך נעכאפּט בייא א גניבה?

באָריס ווער רעדט דא פון גניבות, איך זעה אז דוא קאלכסט דאס פּנים נוא פרעג איך דיר וואס דאס בעדייט.

מאריא דאס איז ניט דיין געשעפט, דוא פערשטעהסט?

באָריס דוא ווייזט דאך אויס וויא א פּנירה, וויש אָב דאס קאלך עס קעהרט גרין און געל קוקענדיג אויף דיין געקאלעכטען פּנים.

מאריא אז אָך און וועה צו דיא יאהר, איהם קעהרט אין געל קוקענדיג אויף מיין פּנים, נוא וויא זשע דארף מיר שוין קעהרען דיא געל קוקענדיג אויף דיין זשידאָווסקען פּנים.

באָריס מיין זשידאָווסקער פּנים, און דוא מיינסט אז דיין פּנים איז א גויעשער. גלויב מיר אז כאָטש דוא האָסט איהם אָבגעקאלכט דערקענט מען אליץ אז דוא ביזט א אידישע יענטע, אבער איך בין יעצט ניט געניינט מיט דיר א חשבון צו האבען וועגען דיין יחוס. זאָג מיר בעסער וואס איז דא היינט פאר א יום טוב, עפּעס זעה איך נעגרייטע טישען מען קאלכט זיך מען פּוצט זיך, און שמערקע לויפט ארום לאדען געסט. וואס זאָל דאס בעדייטען.

מאריא דאס בעדייט אז היינט איז בייא אונז א באלל, דוא פערשטעהסט?

באָריס א באלל? כאָ'מיך אויך וויסען וואס פאר א יום טוב איז היינט בייא מיר אין שטוב, עפּעס בין איך דאָך אויך א שטיקעל בעל הבית.

מאריא (שפּאָטיש) אַ בעל הבית איז ער, איך זעה דאך טאקי וויא דיך אינ־
טרעסירט דיין באלאבאטישקייט. עס איז נאָך ח'לעבען אַ שטיקעלע גליק
וואס אנא איז אַ היינטוועלטיגע און פערשטעהט וואס דיא וועלט פאָדערט, ווען
ניט זיא וואָלט מען פון אונזער שטוב געווייכט.

באָריס אהא, איך פערשטעה שוין, דיא מאמזעל אנא האָט געוויס ערפונדען אַ
נייע ערפינדונג וויא אזוי געלד אויסצוגעבען.

מאריא און אז יא איז וואס, דוא מיינסט אין דער אמת אז מיר וועלען דיך אלץ
פרעגען און ווארטען אויף דיין הסכמה? ניין! געגוג אזוי פערשווארצט צו
ווערען פאר אזא מאן וויא דוא ביזט, איך וויל אויך געניסען דעם טעם פון אַ גוט
לעבען, זעה חאָטש ביים לייטען מאכט מען אלע טאָג בעללער מען טאנצט מען
זינגט און מען לעבט אַ גוטען טאג.

באָריס אזוי? האָט דיין אנא דיך אנגערעדט דוא זאָלסט אויך מאכען בעללער
און לעבען אַ גוטען טאג.

מאריא יא, טאקי יא, זיא האָט מיר דיא אויגען געעפענט איך זאל זעהען אז
איך לעב בייא דיר וויא אין אַ דאָרף, לאנג לעבען זאָל זיא דערפאר. איך
וויל אויך לעבען מיט לייטען גלייך, איך בין אויך אזא געבילדעטע דאמע וויא אלע
אריסטאָקראטקעס און אונזער אנא מוז אויך לעבען וויא אלע געבילדעטע פריילינס,
זאָלען בייא אונז זיין בעללער, זאָלען צו אונז קומען יונגע לייט, וועט זיא געוויס גע־
פינען אזא חתן וויא עס פאסט פאר איהר.

באריס וויא איך פערשטעה קלערסט דוא דורך דעם באלל פאר אנאַן אַ חתן
אויסצוגעפינען.

מאריא געלויבט איז דער אלמעכטיגער גאָט, אבי דוא הויבסט שוין אן צו פער־
שטעהן וואס איך מיין, יא באריס, דורך דעם באלל וועט אונזער אנא אַ
גליקליבע כלה ווערע, איך וועל דיר ווייזען וואס אזא געטרייע מאמע וויא איך בין
קען אויפטהאָן, דורך דעם באל וועט אונזער אנא גליקליך ווערען, דוא פערשטעהסט?

באריס איך הויב דאס ניט אן צו פערשטעהן, זאג מיר אויך וואס פאר אַ גליק
דורך דעם באלל וועט איהר טרעפען, עפּעס בין איך דאך אַ טאטע, זאָל
מיר אויך הנאה טהאָן.

מאריא אַ טאטע איז ער, אויך מיר אַ טאטע, איז דיר חאָטש איין מאל איינ־
געפאלען דער געדאנק, אז אונזער אנא איז שוין איבער ניינצעהן יאהר אלט
און עס איז צייט פאר איהר טראכטען אַ זיווג אויסצוגעפינען? איך אבער הער ניט
אויף וועגען דעם צו קלערען און געקויבט איז דער אלמעכטיגער, איך האב פאר

איהר אויסגעזוכט אזא חתן וואס זיין גלייכען איז אין דער גאנצער וועלט ניטאָ, זיא האָט שוין מיט איהם גערעדט און איך דערקען אָן איהם אז ער איז אין איהר פערליעבט איבער דיא אויערן.

באריס ווער זשע איז דער בעריהמטער חתן, לאָ'מיך אויך וויסען.

מאריא דוא קענסט איהם זעהר גוט, דאס איז דער דאָקטאָר טאנענבלום.

באריס ווער? דער דאָקטאָר טאנענבלום?

מאריא יא יא, טאקי ער אליין, נוא וואס זאגסט דוא צו אזא שידוך?

באריס ער האט מיט איהר גערעדט און זיא איז איהם געפעלען געוואָרען.

מאריא געפעלען זאגט ער, דוא הערסט דאך אז ער איז אין איהר פערליעבט איבער דיא אויערן.

באריס נייין איך קען אזא זאך ניט גלויבען, דער דאָקטאָר טאנענבלום איז זעהר א קלוגער יונגער מאן, איהם קען אזא נאַרישע קאקעטקע אזא שלאַק וויא אנא איז ניט געפעלען.

מאריא א שלאַק פון גאָט זאָל דיך טרעפען היינטיגען טאָג, א טאַטע זאָל אזוי רעדען וועגען זיין אייגען קינד דאס האט מען ניט געהערט זייט דיא וועלט שטעהט. שטום זאָלסט דוא ווערען ניט דערלעבען זאָלסט דוא זיא צו דער חופה צו פיהרען.

באריס אהא, דיא אריסטאָקראטקע האט שוין איהרע בלויע ליפּלאך געעפענט, איך וועל דיר בעווייזען אז איך בין דא בעל הבית, פאר דיינע ליעבע געסט אין דיא אויגען וועל איך מאכען אז דיין וויים אָבגעקאלעכטע פנים וועט נאך ווייסער ווערען געדענק מיינע ווערטער (אב וויטהענד)

מאריא (אליין) נוא דארף איך ניט וויינען אויף מיינע יאהר און טעג וואס איך בין געשטראפט געוואָרען מיט אזא פערפלוכטען מאן, אזא אונגעבילדעטער זשיעד? א וויא דערלעב איך צו בלייבען א וויטווע איך וואָלט נאך אויך אויסגעפונען א רעכטען מאן וואס זאָל פערשטעהן מיין ווערט (קוקענדיג אין שפיגעל) יא איך האָב טאקי אָנגעלענט צו פיעל פוידער אויף דיא באקען (ווישט אב מיט איהר טאשענטוך)

---

## 5טער אויפטריט.

אנא (העכסט קאָקעטיש פערפוצט).

אנא גענוג דיר שוין פראָסטע אידענע זיך אזוי פיעל צו פוצען. א שאנדע עה־רענוואָרט, אזא אלטע פרוי זאָל נאר שטעהן אין שפיגעל.

מאריא טפוי צו מיינע שונאים'ס קעפּ! דוא האסט דאס גאר קיין עלטערע

פון מיר ניט נעזעהן? און אז איך בין אביסעלע עלטער טאָהר איך שוין גאר קיין סאָפּ אויפהויבען.

אנא בייא לייטען האב איך נעזעהן דיא מאמעס זיך אליין נאר אין זינען ניט, זייא זאָרגען נאָר פאר דיא טעכטער און דוא פּראָסטע אידענע, פאר דער טאָכטער ארט דיך גאר ניט, דוא האסט נאר זיך אליין אין זינען, דוא זאָלסט אויסוויזען שעהן.

מאריא וואס נאך ווילסט דוא איך זאָל פאר דיר טהאָן, האב איך דיך ניט פער־ זאָרגט מיט אלץ וואס דוא האסט נעוואָלט? דוא האָסט זיך דיא וואך זעקס נייע קליידער נעמאכט, יעצט האב איך צוליעב דיר נעמאכט א באלל, דוא זאָלסט קענען איינלאדען דעם דאָקטאָר טאנענבלום און מיט איהם פערברענגען וויא פיעל דוא ווילסט און דאס אלץ איז בייא דיר ניט אָנגעלעגט דוא האָסט בעדארפט הערען וואס איך האב ערשט געהאט פון דיין געטרייען טאטען פאר דעם באלל וואס איך האב היינט נעמאכט ער האט מיך דערפאר געמאכט מיט דער בלאָטע צוגלייך.

אנא וואס? דעם אלטען טייפעל געפעלט ניט וואס דוא האסט נעמאכט א באל, וואס דען וויל ער מיר זאלען נעהן אין שוהל דארט תהילים זאגען, זיין גליק וואס איך בין דערבייא ניט געווען איך וואָלט זיך מיט איהם אָבגערעכענט וויא מיט א טאטען.

מאריא זאָלסט דוא מעהר קיין צער ניט האבען, וואס ארט דיך אז ער ביקט, דוא ווייסט דאך וואס פאר א ווערטה ער האָט ביי אונז, לאָ'מיר בעסער טראכטען אפשר פעהלט עפּעס צום באלל, וויא מיינסט דוא, דוכט זיך אלץ איז אין אָרדנונג.

אנא יא, עס פעהלט קיין זאך ניט. הער נאר אויס מאמע איך וועל דיך נאך איין זאך בעטען, ווען דער דאָקטאָר טאנענבלום וועט אהער קומען זאָלסט דוא מיך אליין לאָזען מיט איהם רעדען, עס פּאסט ניט פאר אן עלטערע פרויא זיך צו מישען ווען חתן כלה רעדען, מיט אזא נעבילדעטען מאן וויא דער דאקטאר איז דארף מען וויסען וויא צו רעדען.

מאריא איך קען דאך אבער ניט זיצען וויא א שטומע.

אנא א פּאָר נעצעהלטע ווערטער מעגסט דוא אויך אריינוואָרפען, נאר דאס בעסטע איז דוא זאָלסט אונז ביידען איבערלאָזען אליין.

---

## 6טער אויפטריט.

### שמערקע נאכהער טאנענבלום.

שמערקע דער דאָקטאר טאַנענבלום איז געקומען.

מאריא ער איז שוין געקומען?

אנא געשווינד בעט איהם אריין אהער.

שמערקע איך פערשפּאָר איהם צו בעטען ער וועט שוין אליין ארייננקומען (אב)

אנא אָה וועה! איך האב פערגעסען מיין בראסליעט, ליזא ליזא.

טאנענבלום גוטען אבענד מיינע דאמען.

אנא זייט אונז פון טיעפסטען הערצען ווילקאָמען הערר דאָקטאָר מיר דאנקען אייך פאר אייער ערעלקייט.

מאריא פאר אייער ערעלקייט (אנא ווינקט איהר זיא זאָל שווייגען)

טאנענבלום וויא איך זעה בין איך אויף אייער באלל דער ערשטער.

אנא יא דערוויל זייט איהר דער ערשטער, באלד וועלען געווים אלע קומען. אבער ווען זייא וועלען ניט קומען איז אויך קיין סאקאנא (נסכנה) ניט. אבי איהר זייט דאָ.

אנא זיצט זיצט הערר דאָקטאָר, אך ווען איהר זאָלט וויסען וויא צופריעדען מיר זיינען מיט אייער קומען.

מאריא מיט אייער קומען.

טאנענבלום הואו איז דער הערר שטיינהויז.

אנא דעם פּאפּא מיינט איהר? ער וועט מיסטאמא (מסתמא) באלד קומען און ווען ער וועט ניט קומען מאכט אויך ניט אוים ער איז פערשטעהט איהר מיך א איד פון דער אלטער וועלט ער וויים ניט וואס דיא מאדע פאָדערט (צו דער מוטער שטילל) פראָסטע אידענע נעה אוועק פון דאנען.

מאריא יא מיין מאן וויים ליידער ניט וואס דיא מאָדע פאָדערט, אדיע הערר דאָקטאָר צום וויעדערזעהן (אב)

אנא אך וויא זים עס איז צו פערברענגען מיט א גוטען פריינד אונטער פיער אויגען, איאָ הערר דאָקטאָר?

טאנענבלום איך גלויב דאס מיט גוטע פריינד איז איבעראל אנגענעהם.

אנא זאגט דאס ניט הערר דאקטאר. איך וויים אן מיר אזא מיט אזא גוטען פריינד וויא איהר זייט וואלט איך אויבינג געוואָלט זיין נאר אונטער פיער אויגען.

טאנענבלום (אפּארט) אזא שפּראכע הערר איך דאס ערשטע מאל.

# 7טער אויפטריט.

## ליזא.

ליזא זייא האבען מיך גערופען גנעדיגעס פריילין.

אנא זיא האט זיך קוים אויסגעשלאפען, איך האב דאך דיך גערופען זייט א שטונדע.

ליזא איך האב ניט געהערט פריילין.

אנא אבי גאט זייא דאנק דוא האסט איצט דערהערט, אוועק פון מיינע אויגע, שטיק פלייש (ליזא וויל אוועק געהן) וואוהין לויפסט דוא דיענסט מויד?

אהער קום! (ליזא געהט צוריק) ברענג אריין אהער פון דיא פאפיראסען וואס איך רויכער גיכער, אבער שנעל, ריהר זיך בלייענע פיינעל. (ליזא אב) איך זאג אייך הערר דאקטאר אז פון דיא דיענסטען קען מען דעם שלאג בעקומען.

טאנענבלום דאס מעדכען ווייזט גראדע אויס אן אנשטענדיגעס קינד צו זיין.

אנא ווער? דיא דיענסט מויד ווייזט אויס אן אנשטענדיגעס קינד צו זיין אזא געבילדעטער מאן וויא איהר זייט זאל דאס רעדען איז מיר א גרויסער וואונדער, דערקענט מען דען ניט מיט דעם ערשטען קוק אויף איהר אז זיא איז א פראסטע דיענסט מויד.

טאנענבלום מיט דעם ערשטען בליק אויף איהר קען מען דענקען דאס זיא איז א קינד פון פארנעהמע רייכע עלטערן.

אנא ווען זיא זאל זיין אן אנשטענדיג מעדכען פון רייכע עלטערן וואלט זיא קיין דיענסט מויד געווען.

טאנענבלום זיא דיענט שוין לאנג בייא אייך?

אנא ניין, בלויז צווייא וואכען און אין דיא צווייא וואכען האט זיא מיין גאל אויפגענעסען, זיא טויג ניט אפילו א קאטץ אן'עק צו פערבינדען, אבער וויא קומען מיר צו רעדען פון אזא בעשעפענים, עס איז דיא גרעסטע שאנדע אז אזעלכע מענשען וויא מיר זיינען זאלען וועגען א דיענסט מויד רעדען.

ליזא (טראגט אריין א קעסטעלע פאפיראסען) דא האבען זיא גנעדיגעס פריילין דיא פאפיראסען.

אנא דאס איז דאך גאר דיא פאפיראסען וואס דיא מאמע רויכט, איך האב דאך דיר געהייסען ברענגען מיינע, דיא וואס איך אליין רויכע.

ליזא איך האב קיינע אנדערע געפונען.

אנא פערפלוכטע בעסטיע! נאָך היינט טרייב איך דיך ארויס פון אונזער שטוב
דאס האָט מען דאָך ניט געהערט זייט דיא וועלט שטעהט, מען זאל זיך מיט א דיענסט ניט קענען פערשאפען פון דאנען אהין. אוועק פון מיינע אויגען שטיק פלייש, (ליזא אב) פערצייהט הערר דאָקטאָר איך מוז אייך אויף א פּאָר מינוט איבערלאָזען אליין, איך מוז געפינען מיינע פּאפּיראָסען, איך קען א מינוט ניט אויס־קומען אָהן א פּאפּיראָס באלד בין איך דא צוריק.

טאנענבלום (אליין) מיין גאטט וואס איז דא כאר א פאמיליע, דא איז א
גאנץ פערקעהרטע וועלט, דיא מוטער וויא איך פערשטעה ציטערט פאר דער טאָכטער, דיא טאָכטער פּעראכטעט עפענטליך דעם פאטער מיט דער מוטער, א דיענסט מעדכען בעהאנדעלט מען היער וויא מען פלעגט בעהאנדלען א שקלאפין אין דיא אלטע צייטען, דיא מוטער מיט דער טאָכטער זיינען צוויא דומע גענז און מיינען דאס זייא זיינען העכסט געבילדעטע פרויען, חא חא חא! איך קען מיך פון לאכען ניט איינהאלטען ווען איך עראינערע מיך וויא דיא אלטע קאקעטע האָט צו־זאמענגעפּאָרט פושקין מיט גראף מאנטא קריסטא און שלמה המלך מיט ראמעא און יוליא.

---

## אַכטער אויפטריט.

אנא (מיט א פּאַפּיראָס אין מונד און א קעסטעל פּאַפּיראָסען אין האנד.

אנא היער הערר דאָקטאָר האבען זיא פּאפּיראָסען ביטע רויכען זיא.

טאנענבלום איך בין קיין רויכער פריילין.

אנא וויא? איהר רויכט ניט?

טאנענבלום ניין.

אנא וויא איז דאס מעגליך א געבילדעטער מענש זאָל ניט רויכען, וויא קענט
איהר אָנשרייבען א רעצעפּט ניט רויכענדיג?

טאנענבלום איך הער דאס יעצט צום ערשטען מאל דאס צו א רעצעפּט
אנשרייבען מוז מען רויכען.

אנא מען זאגט דאך דאס דיא גרויסע פּערפּאסער קענען ניט שרייבען וואו זייא
האלטען ניט א פּאפּיראָס אין מויל.

טאנענבלום איך בין קיין פּערפּאסער, איך בין בלויז א דאָקטאָר.

אנא אזא נעבילדעטער מאן וויא איהר זייט זאָל ניט רויכען דאס וואָלט איך קיין מאל ניט נעגלויבט. איך וויים אז איך קען מיך אהן א פאפיראָס ניט בע־נעהן (מען הערט א נערויש פון פיעל מענשען) אָה דיא איבעריגע געסטע האבען שוין נעמווזט קומען.

---

## ניינטער אויפטריט.

מאריא (אויך מיט אַ פּאפּיראָס אין מונד) דאמען אונד הערען

מאריא קומט אריין, קומט אריין מיינע ליעבע געסט, דא קענט איהר זינגען און טאנצען וויא פיעל אייער הערצכען געלוסט דא איז מיין טאָכטער זאָל לעבען היינט איז זיא נעוואָרען זעכצעהן יאָהר.

טאנענבלום (אפארט) וויא דיא ווייבער זאגען א חוץ שבתים און ימים טובים.

קאָהר: מיר ווינשען גליק, מיר ווינשען גליק.
אלס בעסטע גוטע פריינד,
מיר ווינשען גליק גראטולירען,
אין אייער יום טוב היינט,
גאָט זאָל געבען א לאנגעס לעבען,
צו אייער ליעבעס קינד,
גליק און ברכה, גרויס הצלחה.

---

## צעהנטער אויפטריט,

באָרים (ווייזט אוים זעהר בייז.)

באָרים (צו מאריאן) וואס טהוען דאָ אזוי פיעל מענשען?

מאריא א שאנד ח'לעבען, א טאטע זאָל ניט וויסען אז היינט איז זיין קינדם נעבורטסטאָג. זיא איז דאך היינט געוואָרען זעכצעהן יאָהר.

ארים עס איז נאך א גרעסערע שאנדע א מאַמע זאָל ניט וויסען וויא אלט איהר טאָכטער איז, אונזער אננאן וועט ווערען דעם ערשטען טאָג פסח צוואנציג יאָהר (צו דיא געסט זעהר פריינדליך) מיינע הערען און דאמען, בייא מיר איז הייטע קיין יום טוב, קיין באלל מיינע ליעבע פרויא האָט אן אירטהום נעהאט יעדען פון אייך שטעהט פרייא צו זוכען פערגנינגען ערגעץ אנדערש.

א נ א (מיט אווילדען קוויטש) מאמא איך חאלעש ראטעווע (פאלט וויא אין אָהנמאכט)

מ א ר י א (אויך מיט א קוויטש) מיר איז שלעכט איך שטארב (פאלט אויך אין אָהנמאכט)

דער פארהאַנג פאלט.

# דריטער אקט.

## פ י נ פ ט ע ס ב י ל ד.

א צימער ביים דאָקטאָר ט א נ ע נ ב ל ו ם

ט א נ ע נ ב ל ו ם (אליין) דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען טרעפט דאס מיר, א מענש זאָל אויף מיר זאַ איינען מערקווירדיגען איינדרוק מאכען. היער אין שטאדט וואונדערט מען זיך וואס איך מאַך זאַ אָפט בעזוכע בייא שטיינהויז׳ן אין הויז, פיעלע גלויבען דאס איך שניידע דיא קור פרייליין אנא שטיינהויז און קיינעם פאלט איין אין דער געדאנק, דאס מיינע בעזוכע גילטען זייער דיענסטמעדכען ליזא. דיא ליזא אליין ווייס אויך ניט דאס איך קאמע צו איהר ווירטהין בלויז מיט דעם צוועק זיא צו זעהן. ניין מען וועט מיך ניט איינבילדען דאס זיא איז איינע איינפאכע דיענסטמעדכען, א קינד פון אונוויסענדע גראָבע עלטערן, אלעס אין איהר צייגט אויף איינע פרעכטיגע ערציהונג. איז דאס ניט לעכערליך? איך דאָקטאָר טאַנענבלום בין פערליעבט אין א פּאָקאָיאָווע. (פויזע) איך מוז אלעם אנווענדען אום ריכטיג צו ערפאהרען ווער זיא איז, אבער צו אלעם ערשטען מוז איך זיא רעטען פון דער לעווענגרובע אין וועלכע זיא בעפינדעט זיך יעצט. יא זיא איז אין איינע ווירקליכע שרעקליכע לעווענגרובע.

---

2טער אויפטריט.

ס פ ר י נ צ ע דיא מ ע ק ל ע ר י ן (איינגעהויקערט און הוסטענד)

ס פ ר י נ צ ע א ליעבהארצעדיגער גוט מאָרגען דעם האר דאָקטאָר.

ד א ק ט א ר וואס ווינשען זיא?

ס פ ר י נ צ ע פן וואנען זאָל איך וויסען וואס ז י י א ווינשען אייך.

ד אָ ק ט אָ ר איך פרעג וואס ווינשט איהר.

ס פּ ר י נ צ ע וואס איך ווינש אייך? איך ווינש אייך און כל ישראל א כתיבה וחתימה טובה אויף דעם נייעם יאהר.

ד אָ ק ט אָ ר זיא פערשטעהן מיך ניט אלטע.

ס פּ ר י נ צ ע נוא בין איך שולדיג וואס ז י י א פערשטעהן אייך ניט, רעדט צו זייא פראָסט אידיש ניט דייטשמעריש וועלען זייא אייך פערשטעהן.

ד אָ ק ט אָ ר איך מיין ניט זייא איך מיין אייך אלטע, איהר פערשטעהט ניט וואס איך פרעג אייך, איך פרעג אייך וואס פעהלט אייך?

ס פּ ר י נ צ ע וואס מיר פעהלט? אי צעהן מאל ניט פאר אייך געזאגט מיר פעהלט א מאן, פרנסה און געזונד.

ד אָ ק ט אָ ר (אפּארט) וויא איך זעה וועל איך מיט איהר צו קיין ענדע קומען. (צו איהר) ווענען וואס זייט איהר צו מיר געקומען גוטע פרויא.

ס פּ ר י נ צ ע ווענען וואס קומט מען צו א דאָקטאָר מסתמא איז מען קראנק.

ד אָ ק ט אָ ר איהר זייט קראנק?

ס פּ ר י נ צ ע אי ניט פאר קיין אידען געדאכט, וויא איהר קוקט מיך אן בין איך א צובראָכענער שארבען.

ד אָ ק ט אָ ר האָט איהר אפּעטיט צום עסען.

ס פּ ר י נ צ ע לאפּעטיט? יא הערשעל דער רופא האָט מיר שוין עטליכע מאל אנגעזאגט אז איך זאָל ניט עסען ביז דער לאפּעטיט וועט קומען איך האָב איהם געפּאַקט, איך האָב געווארט און געווארט, געווארט און געווארט אויף דעם לאפּעטיט, אבער דאס הארץ איז מיר שיער ניט ארויסגעפאלען פון הונגער און ער איז נאך אלץ ניט געקומען, נוא האָב איך מיך מישב געווען און האב געגעסען אָהן דעם לאַפּעטיט.

ד אָ ק ט אָ ר (שמייכלענד (אפּארט) דאס איז א שעהנער עקזעמפּליאר (צו איהר) טהוט אייך אירגענד וואו וועה?

ס פּ ר י נ צ ע צו מיט טהוט עפּעס וועה פרעגט איהר? אך איז מיר, פרעגט בע־סער וואס טהוט מיר ניט וועה, דער קאָפּ דיא הענד, דיא פיס, דער רוקען דיא פּאטילניצע, דאס הארץ דאס גאנצע לייב און לעבען טהוט מיר וועה און איך אליין בין אויך ניט מיט אלעמען, ניט פאר אייך געזאגט גאר קיין מענש ניט.

ד אָ ק ט אָ ר איך מוז אויסהערען אייער ברוסט.

ס פּ ר י נ צ ע (ערשטוינט) וואס ווילט איהר אויסהערען.

ד אָ ק ט אָ ר אייער ברוסט.

ספרינצע גנעהט, איהר מאכט חוזק.

דאקטאר דא איז קיין שפאס איך מוז אייער ברוסט אויסהערען.

ספרינצע ערשטענס קען דאך א ברוסט ניט רעדען וואס זשע קען מען פון איהר הערען, צווייטענס זייט איהר דאך א זכר פאסט דאס פאר אייך איהר זאָלט זיך צוזאמענרעדען מיט א ברוסט פון אן אשה.

דאָקטאָר איהר פערשטעהט מיך ווידער ניט, איך מוז הערען וויא אייער ברוסט קלאפט.

ספרינצע מיין ברוסט קלאפט חלילה קיינעם ניט.

דאָקטאָר נארישע אידענע, אין יעדען מענשען קלאפט דיא ברוסט אזוי וויא דופק און פון דעם קלאפען קען דער דאָקטאָר וויסען צו דאָרט איז דא א פעהלער.

ספרינצע אזוי? נוא פאר וואס זשע האט איהר דאס מיר פריהער ניט געזאָגט, ווילט איהר עס הייגט זיך איינהערען וויא דער דופק קלאפט אין מיין ברוסט?

דאָקטאָר (אפארט) אזא קראנקע קען קראנק מאכען צעהן דאָקטוירים, (צו איהר) שטעהט רוהיג וועל איך מיך איינהערען וויא אייער ברוסט קלאפט.

ספרינצע איך בין געלויבט איז זיין ליעבער נאמען בעשטענדיג א רוהיגע אידענע מיין אלטער זכרונו לברכה פלעגט אפילו זאגען אז איך רעד צו פיעל, אבער דאס איז א ליגען, איך האב פיינד צו רעדען א סך, איך וויים פערשטעהט איהר מיך פון דעם ווערטעל רעדען איז זילבער און שווייגען איז גאָלד.

דאקטאָר נוא שווייגט זשע, ווארום האט איהר זיך אזוי פאנ'אנדערגערעדט. (לעגט צו זיין אויער צו איהר ברוסט)

ספרינצע חלילה, איך דערצעהל נאר ניט. איך דערצעהל אייך נאר וואס מיין אלטער זכרונו לברכה פלעגט זאגען, וואס ווייסט איהר האר דאקטאר וואס פאר א טהייערער איד ער איז געווען, א צדיק וויא איך בין א אידישע טאָכטער אן אמת'ער צדיק.

דאקטאר (בייז) וועט איהר שווייגען צו ניט.

ספרינצע איך שווייג דאך אֵי האר דאָקטאָר שפארט זיך ניט אזוי אריין אין מיין הארץ אָך איז מיר (מען זעהט אז זיא וויל געבען א נאָס און ענדליך ניט זיא א שטארקען נאָס אויף דעם דאָקטאָרס קאָפּ.)

דאָקטאָר (שפרינגט אויף בייז) פערדאמטע פרויא (ווישט מיט זיין טאשענטוך דעם קאָפּ)

ספרינצע פע רופט מיך ניט דאמע האר דאָקטאר איך בין א אידענע פון דער אלטער וועלט און ניט חלילה קיין דאמע.

דאָקטאָר איך וועל אייך פערשרייבען א רעצעפט וואס איהר מוזט איינגעהמען פיער מאל אין טאג צו טיי־לעפעלאך (שרייבט א רעצעפט)

ספרינצע לאנג לעבען זאָלט איהר דערפאר.

דאָקטאָר (גיט איהר דעם רעצעפט) דא האט איהר א רעצעפט אלטע

ספרינצע וואס זשאלעוועט איהר א גרעסערע שטיקעל פאפיר.

דאקטאר (לאכענד) דאס שטיקעל פאפיער וועט אויך גענוג זיין.

ספרינצע נוא אז איהר זאגט גענוג מסתמא ווייסט איהר בעסער האר דאקטאר וועל איך שוין איצט געזונד ווערען?

דאקטאר יא.

ספרינצע לאנגע יאָהר זאָל אייך גאָט שענקען, קיין געלד האב איך ניט אייך צו בעצאהלען, דערפאר אבער אז איך וועל זיין מירצע שעם ראש חודש אלול אויפ׳ן בית עולם, וועל איך אלע מיינע אבות אָנזאגען, זייא זאָלען דאָרט שטעהן און בעטען פאר אייך און ווען זייא וועלען פאר אייך בעטען, וועט אייך גאָט געבען א גוטינסען מזל. עפּעס שפּיעלט איהר זיך מיט מיינע אבות, ווייסט איהר דען מיין יחוס? אָט וועל איך אייך אויף א טשיקאוואסט דערצעהלען וואס פאר א טאטע מאמע איך האב געהאט און ווער מיין מאן דעם ליכטינגען גן עדן זאָל ער האבען איז געוועזען. (זיא זינגט)

1.

מיין מאן מאן פלעגט דאוונען מיט צוועלף זיננער,
מיין טהייער יאנקעלע,
פון זיין זינגען פלעגען ווייבער לעקען דיא פינגער,
מיין טהייער יאנקעלע,
זיינע הושענא׳ס שלאָגען, ווער עס האָט נאָר געזעהן,
מיין טהייער יאנקעלע,
נאך דער הושענא פלעגען מיר דיא כוחות אויסגעהן,
מיין טהייער יאנקעלע,
זאָגט איהר אליין, זאָגט איהר אליין,
צו האט איהר נאך אזוינס געזעהן,
זאגט איהר אליין, צו האט איהר נאך אזוינס געזעהן
ניין, ניין, דאָס בין איך נור זוכה געוועזען,

2.

ווער פלעגט מיט דער פושקע אין דיא הייזער אומגעהן?
מיין טהייערע מאמעלע,
מיט דער פושקע פלעגט זיא אורחים מקרב זיין,
מיין טהייערע מאמעלע,
וויא פיעל ארעמע אורחים זיא האט נור דערזעהן,
מיין טהייער מאמעלע,
נאך אן אורח פלעגען איהר דיא כוחות אויסגעהן,
מיין טהייער מאמעלע.
זאגט איהר אליין, זאגט איהר אליין,
צו האט איהר נאך אזוינס געזעהן,
זאגט איהר אליין, צו האט איהר נאך אזוינס געזעהן?
ניין, ניין, דאס בין איך נור זוכה געווען.

3.

ווער פלעגט טהאן מצוה'ס טאג און נאכט?
מיין טהייער טאטעלע,
ווער האט ארמע מיידען חתונה געמאכט,
מיין טהייער טאטעלע,
וויא פיעל ארמע מיידלאך ער האט נור דערזעהן,
מיין טהייער טאטעלע,
פאר א מויד וואלט ער זיך פשוט מפקיר געווען,
מיין טהייער טאטעלע.
זאגט איהר אליין, זאגט איהר אליין,
צו האט איהר נאך אזוינס געזעהן,
זאגט איהר אליין, צו האט איהר נאך אזוינס געזעהן?
ניין, ניין, דאס איך נור זוכה געווען.

טאנענבלום (אליין) ווען איך זאל בעהיטע גאט יעדען טאג אזא פאציענט געהאט וויא דיא אלטע איז, וואלט איך אהנע צווייפעל אליין דער נע־פעהרליכסטער פאציענט געווארען, אזא אלטע שוואכע פרויא קען הונדערט קרעפ־טיגע מענער קראנק מאכען.

---

## 3טער אויפטריט.

### שמערקע.

שמערקע (אטהעמט שווער) אָי דאס געזונד האב איך פערלאָרען, לויפענדיג צו אייך, ניכער האר דאָקטאר קומט צו אונז מען דארף אייך נעטהיג זעהר נעטהיג האבען.

טאנענבלום ווער ברויכט מיך זאָ נעטהיג.

שמערקע וואס פערשטעהט איהר דא ניט מסתמא מיין מאדאמע מיט דער טאָכטער.

טאנענבלום דיין מאדאם האט ווידער צאָהנשמערצען?

שמערקע הלואי איהרע צייהן אויף מיר געזאגט געוואָרען, זיא קען מיט זייא צעהן מאנען און צוואנציג משרתים אויפפרעסען.

טאנענבלום ווער דען איז קראנק דאס פריילייך.

שמערקע וואס רעדט איהר דאָ פון קרענקען, אויף דיא קערפערס זיינען זייא ביידע געזונד וואלטען זייא אזוי געזונד געווען אויף זייער שכל.

טאנענבלום וויא איך פערשטעה האסט דוא זייא ניט שטארק ליעב.

שמערקע זייא ליעב האבען? זייא דארף נאָר ליעב האבען דער מלאך המות. איך פרעג אייך קען מען ליעב האבען אזעלכע צווייא קראקעטקעס וואס האבען קיין אנדער זאך ניט אין זינען וויא זיך פוטצען און ברעכען דיא קעפּ שטענדיג ווענען נייע קליידער און נייע שמאנדרעס. חא חא חא! אהן זייטען וויא איך בין א איד קען מען בלייבען הערענדיג דיא נארישקייט וואס זייא רעדען און זעהענדיג זייערע משוגע׳נע תנועות. אבער געהן זייא אין דער ערד לאָ׳מיך אייך בעסער זאָגען ווענען וואס איך בין איצט צו אייך געקומען.

טאנענבלום זייא האבען דיך געווים געשיקט מיך רופען צו זייא.

שמערקע נעטראפּען וויא איך בין א מענש, איהר זייט שוין אכט טעג בייא אונז ניט געווען האט זיך דאס פריילייך אנא פּשוט נאך אייך פערבענקט און זיא האט מיך געשיקט צו אייך איך זאָל אייך זאגען אז זיא איז קראנק, אָי האר דאָקטאָר איך קען אייך גאר ניט אויסדערצעהלען וואס בייא אונז אין שטוב צוטהוט זיך ווענען אייך.

טאנענבלום ווענען מיר?

שמערקע יא טאקי ווענען אייך. גאנצע טעג הערט מען נאר געשרייען און

גוואלדען, אנא שרייט אויף דער מאמע פּראָסטע אידענע, מאריא שרייט אויף איהר מאן פּארכאטי זשיעד. ער שרייט אויף זייא ביידען משוגע'נע קאָקעט־קעס נעכטען האב איך געהערט וויא אנא האט גע'טענה'ט צו איהר מאמע אז זיא וועט זיך שיסען אויב ....

טאנענבלום אויב וואס?

שמערקע אויב זיא וועט ניט מאכען איהר זאָלט ווערען איהר מאן, מיינט איהר אפשר אז זיא וויל ווערען אייער ווייב ווייל זיא האט אייך ליעב? חלילה זיא האט נאָר חשק צו ווערען א דאָקטאָרקע, אבער איך האב מיך צו פיעל פער־רעדט וועגען אנדערע זאכען, נוא הכלל איהר געהט צו אונז? דיא חולה'טע איז ח'לעבען ניט מסוכן. נאר אזוי וויא איהר זייט דאך א דאָקטאר פאר משוגעים אויף שאדט ניט איהר זאָלט זיא גוט בעטראכטען און געפינען א רפואה צו ביידענס משוגעת. ווייל איך האב פשוט מורא אז זייא וועלען מיך מיט ליזאן אויך משוגע מאכען.

טאנענבלום ווער איז דיא ליזא.

שמערקע דאס איז דאס דיענסטמיידעל וואס דיענט בייא אונז.

טאנענבלום פון וואנען איז דאס מערכען?

שמערקע פון אל דיא שווארצע יאהר.

טאנענבלום ווארום ביזטו אויף איהר בייז.

שמערקע דערפאר וואס זיא איז א גרויסער עזות פנים און נאך דערצו א גרויסער נאר. וואס איך האב מיך בייא איהר געבעטען ליזא האב מיט מיר חתונה, וועט זיין אזוי וואויל און אזוי גוט צו דיר, זיא אבער האָטש גיעב איהר א קרענק וויל מיין ווייב ניט ווערען.

טאנענבלום ווארום?

שמערקע דערפאר ווייל זיא איז בייא זיך צו גדול'דיג, זיא פערגעסט גאר אז זיא איז אזא דיענסט וויא איך בין א משרת, זיא וויל מיך איינשמועסען אז זיא איז א גרויסע קענערקע, חא חא חא! עס איז וויא מיין נאמען איז שמערקע ניטאָ ווער עס זאָל לאבען, אלע מאל שפּעט בייא נאכט ווען אלע שלאפען חאפּט זיא א בוך פון דער פריילינס ביליבאָטק.

טאנענבלום ביבליאָטהעק מיינסט דוא.

שמערקע זאל זיין באלאבאטיק אויך מיין באבעס דאגה, יא חאפּט זיא א בוך פון דער באלאבאטיק און לייענט אזוי לאנג ביז זיא ווערט אנשלאפען, איהר פערשטעהט? דאס וויל זיא אז איך זאל מיינען אז זיא פערשטעהט וואס דאָרט

שטעהט, ווארט! איך וועל אייך נאך א שעהנערע זאך דערצעהלען, נעכטען איז זיא ביז האלבע נאכט געזעסען און האט געשריעבען, איך האב געוואָלט אויף א טשיקאוועס זעהן וואס שרייבט זיא אזעלכעס נוא האב איך געווארט ביז זיא איז אנשלאָפען געוואָרען און האב דאס בריוועלע פון איהר אבגע'גנב'עט. אבער מיך זאל אזוי קיין שלעכטער חלום ניט וויסען וויא איך וויים ניט וואס אין איהם שטעהט, א בריעף זאג איך אייך מיט קאטשערעס און לאפעטעס. דאס איז ניט אידיש נאָר עפּעס טירקיש איך האב איהם בייא זיך אָט איז ער, אפשר וועט איהר פערשטעהן וואס זיא האט אנגעפּאטשקעט, (נעהמט ארוים א בריעף פון דער טאש גיט עס דעם דאָקטאָר.

טאנענבלום (אפּארט א קוק טהוענדיג אין דעם בריעף) וואס זעה איך פראנ־
צויזיש. (צו שמערקען) זיא אליין האט דעם בריעף געשריעבען?

שמערקע זיא אליין וויא איך בין א מענש, נוא אדרבא זאגט דארף מען ניט
בלייבען אָהן זייטען לאבענדיג פון אזא פּאטשקערייא ניבאי וואלט מען
חאָטש פערשטאנען איין וואָרט, נוא וועט איהר קומען צו אונז?

טאנענבלום יא באלד קום איך.

שמערקע נעהמט זשע מיט זיך א געזונדען שטעקען.

טאנענבלום וואָצו א שטעקען?

שמערקע מען זאָגט אז משוגעים קען מען אויסהייל'ען נאר מיט געזונדע קלעפּ.
האָט מיר א גוטען טאָג (קויפט ארוים)

טאנענבלום (קוקט אין בריעף) זיא זעלבסט האט דעם בריעף געשריעבען?
זיא א דיענסט מעדכען שרייבט פראנצויזיש, דאס איז מערקווירדיג! (קוקט
אין בריעף) וואס פאר א סטיל, וואס פאר פּראכטפאָלע הערצייסענדע פראזען, זיא
בעקלאגט זיך היער אויף איהר גרויזאמען שיקזאל, מיט איהר האָט עטוואָס בע־
זאָנדערעס געמוזט פּאסירען, אן אונגעוועהנליכעס אונגליק האט דער אונגליקליכער
אין יענעם הויז געבראכט. יעצט איז מיר קיין וואונדער אויף דעם וואס זיא האט
אויף מיר זאָ איינען איינדרוק געמאכט, איך מוז זאָפאָרט ערפאהרען אלעס וואָס
איהר אנבעלאנגט. איך מוז איהר רעטען פון איהר קריטישע לאגע און ווען מעגליך
זאָל זיא, יא נור זיא מיינע לעבענסבעגלייטערין זיין (אב)

## 6טעם בילד.

### ביא באריס'ן אין זאאל.

### 1טער אויפטריט.

באריס (אליין זעהר ניעדערגעשלאגען) יא איך האב פערדיענט דיעזע שטראפע דערפאר וואס איך האב פערביטערט דאס לעבען פון מיין געטרייע פרויא זעלדע, דערפאר וואס איך האב זיא אין גרוב געטריעבען, דערפאר פערביטערט יעצט דיא הערצלאָזע מאריא מיין לעבען און זיא וועט געוויס מיך אין גרוב פער־טרייבען. אָה ווער האט געקענט ארויסזעהן אזא שרעקליכע ענדע, אין מין אייגע־נער הויז בין איך וויא א פרעמדער, מיינע פרויא מיט מין אייגענע טאָכטער האסען מיך און פערשאפען מיר דיא גרעסטע שמערצען. אָה יאקאָב יאקאָב יעצט ערשט פערשטעה איך וויא רעכט דוא האסט געהאט דאמיט וואס דוא האסט מיך גע־וואָרנט איך זאָ פען פון דער שלאנגע, אלעס יא אלעס וואס דוא האָסט דאמאלס אויסגערעכענט זעה איך יעצט מיט מיינע אויגען.

---

### 2טער אויפטריט.

#### ליזא.

ליזא פערצייהעט עדלער הערר, איך בין געצוואונגען אייך מיט איינע ביטע צו בעלעסטיגען.

באריס (פריינדליך) וואס פערלאנגסט דוא?

ליזא אין דער קורצער צייט וואס איך דיען אין אייער הויז, האב איך מיך איבער־צייגט דאס איהר זייט א מאן מיט א גוטען עדלען חאראקטער.

באריס איך קען ניט ערטראגען קאָמפלימענטע און שמייכלערייען.

ליזא קאָמפלימענטע און שמייכלערייען, וויא עס שיינט האט איהר אויך געמוזט זעהר פיעל ליידען דורך שלעכטע מענשען, דארום האט איהר אייער צו־טרויען פערלאָרען זאָגאר צו דיא וואס רעדען דיא ריינע וואהרהייט.

באריס וואס פערלאנגסט דוא.

ליזא איהר ווייסט עדלער הערר דאס עס איז אונמעגליך צו דיענען זאָלכע פרויען וויא אייער פרויא מיט אייער טאָכטער זיינען, איך מיין בעהיטע גאָט זייא ניט צו בעליידינגען דאמיט, איהר אַליין זעהט וויא גרויזאם זייא בעהאנדלען מיך.

באריס אלזאָ וואס פערלאנגסט דוא פון מיר.

ליזא איך מוז אייער הויז פערלאַסען, איך וויל צוריק פאהרען נאך מיין געבורטס־שטאָדט, אבער איך האב ליידער ניט גענוג געלד אויף רייזעשפעזען, דא־רום בין איך געצוואונגען אייך צו בעטען איהר זאָלט מיר לייהען צוואנציג רובעל, איך שווער אייך דאס איך וועל אייך דאס געלד מיט דאנק אָבשיקען.

באריס האסט דוא עלטערן אין דיין געבורטסשטאָדט.

ליזא מיינע מוטער האב איך שוין לאנג פערלאָרען און וואו מיין פאטער איזט וויים איך ניט, איך האָב אָבער געטרייע פערוואנדטע וועלכע ליעבען מיך וויא זייערס א קינד.

באריס ווארום האבען דיך דיא געטרייע פערוואנדטע געלאָזט קומען צו אזא לאנגע און ווארום האסט דוא זייא פערלאָזט.

ליזא מיך וואונדערט זא איין פראקטישער מענש וויא איהר זייט זאָל זאָוואס פרעגען, ווייסט איהר דען ניט דאס מיר מענשען לעבען אימער מיט דעם צופאל, צופעלינער ווייזע שיידען מיר זיך פון אונזערע ליעבסטע פערזאָנען און צו־פעלינער ווייזע פליהען מיר מאנכעס מאל אליין אין פייער.

באריס (אפארט) דאס מעדכען רעדט זעהר פערנינפטיג (צו איהר) גוט איך וועל דיר לייהען דאס געלד וואס דוא ברויכסט.

ליזא טויזענד דאנקען בעסטער הערה, ניע וועל איך זאָ איין וואָהלטהאט פערגעסען.

---

## דריטער אויפטריט,

מאריא.

מאריא נוא קען מען אזעלכע צרות פערטראָגען? אָט האסט דוא דיר א טאטען דאָס קינד איז טויט קראנק און ער זיטצט זיך אזוי רוהיג וויא א פרעמדער (צו ליזאן) וואס טהוסטו דא?

באריס דוא געה אריין צו דיין קראנקע טאכטער, לאָז מיך זיך אָברעכענען מיט דער אונגליקליכער, זיא וויל אונזער הויז פערלאָזען.

מאריא קוקט איהם נור אן מיט וואס פאר א רחמנות פנים ער רעדט דא פון דער דיענסטמויד. איך ווייס אז פאר א מויד וואָלסט דוא דיין נשמה אָבגעגעבען,

אויף זיין קראנקע טאָכטער האט ער קיין רחמנות און אויף א פרעמדער דיענסט מויד רייסט איהם נעביך דאס הערצעלע.

באריס דיין טאָכטער איז ניט קראנק נאָר פעררייקט.

מאריא א פעררייקט זאָלסט דוא ווערען אז קיין דאָקטאָר און קיין רופא זאָלל דיר ניט קענען העלפען, מערדער דוא. דוא האָסט דיין טאָכטער קראנק געמאכט דורך דעם סקאנדאל וואס דוא האָסט געמאכט אויפ׳ן באלל.

באריס דוא וועסט מאכען נאָך א באלל וועט זיא געוויס געזונד ווערען.

מאריא אזש מאכען זאָל איך שוין א מצבה אויף דיין קבר אין גיכע צייטען.

באריס אהאָ דער גיהנום האט שוין זיינע טהויערען געעפענט, איך זעה שוין אז איך מוז פון שטוב אנטלויפען, שרייא שרייא אביסעלע העכער, זאל מען אויף דיין בייז וואונדער צוזאמענלויפען (אב מיט כעס)

מאריא (שרייט איהם נאָך) לויף לויף דוא זשיעד פארכאטי! ווארט איך וועל מיך מיט דיר אָברעכענען וויא מען בעדארף (צו ליזאן) נוא און דוא מיין פריצה, דוא מיינסט איך וועל דיר שווייגען דערפאר וואס מיין אנא איז צוליעב דיר קראנק.

ליזא צוליעב מיר ווערט קיינער קראנק, קיינער איז שולדיג וואס אייער טאָכטער איז אזוי קאפריזנע.

מאריא וואס? דיר געפעלט אויך ניט מיין טאָכטער? דוא האָסט אויך א האָזע צו רעדען אויף איהר שלעכטס. האלט מויל אומזיסטע פרעסערין.

ליזא איך עסס בייא אייך ניט אומזאָנסט, איך פעררדיען מיין ברויט דורך מיין ביטערן שוויים.

מאריא וואָאס? דוא האָסט א האָזע מיר אזוי צו ענטפערן (לאָזט זיך צו איהר מיט נעבאלטע פויסטען) איך וועל דיינע ציין פון מויל ארויס שלאָגען.

ליזא (שטרענג) שטעהט! איהר זאָלט ניט וואגען מיך מיט אייערע שמוטציגע פינגער צו בעריהרען דען איך האָב העגד איהר זעהט (הויבט א פויסט)

מאריא נעה שוין ארויס פון מיין שטוב, דוא הערסט? דיא מינוט זאָלסט דוא פון דאנען אוועקגעהן.

ליזא אלס איינס האב איך הייטע געוואָלט אייער הויז פערלאָזען, איהר מוזט מיר אבער בעצאהלען וואס מיר קומט פאר מיין ארבייט.

מאריא א קלייניגקייט וואס איהר קומט, גאנצע צעהן רובעל,

ליזא בייא אייך איז דאס א קליינינקייט אבער בייא מיר אין צעהן רובעל יעצט
א גאנצער קאפּיטאל.

מאריא נוא נוט נעה נעהם צוזאמען דיינע שמאטעס, באלד גיעב איך דיר דיין
קאפּיטאל און נעה צום טייפעל.

ליזא ניין מאדאם מעהר וועל איך צו אייך ניט נעהן (אָב)

מאריא איך האב דאך שוין עפּעס איבערגעהאלטען דיענסטען, נאר אזא עזות־
ניצע האב איך נאך ניט נעהאט. זיא מוז נאך פון דאנען אוועקגעהן מיט
געשוואָלענע באקען.

---

## 1 ער אויפטריט.

אנא.

אנא וואס האסט דוא דאָ אזוי נעליארמט און געשרייען.

מאריא דוא האסט בעדארפט זעהען א חוצפה פון דיין פּאָקאָיאווע, טאָמער
האב איך איהר נעוואָלט נעבען א פּאטש האט זיא אויפגעהויבען דיא
האנד און האט נעוואָלט נעבען צוריק.

אנא וואס? דיא פּאָמוניצע האט דיך נעוואָלט שלאגען צוריק? נוא און דוא
האָסט איהר דיא האָר פונ׳ם קאָפּ ניט אויסגעריסען?

מאריא איך האָב מורא נעהאט א קשיא אויף אזא חצופה זיא קען טאָקי
נעבען צוריק.

אנא אַי פּראָסטע אידענע וואָס דוא ביזט, וואו האָט מען דאָס געזעהן אין דיא
אריסטאָקראטישע הייזער אז א ווירטהין זאל מורא האבען פאר א
דיענסט.

מאריא בין איך דען שולדיג וואס מיר האבען אזא עזות׳ניצע א דיענסט.

אנא יא נור דוא ביזט שולדיג, ווייל דוא ביזט א פּראָסטע אידענע און ווייסט
ניט וויא צו מאכען א דיענסט זאָל פאר דיר מורא האבען, איך וועל דיר
בעווייזען וויא מען האנדעלט מיט אזעלכע פּראָסטע דיענסטען. פאר דיר אין דיא
אוינגען וועל איך זיא נוט אויספּאטשען און זיא וועט מיר איין שלעכט וואָרט
ניט זאָגען.

מאריא טשעפּע זיא ניט, זיא וועט דיר אויך ניט שווייגען, זיא איז א נוט שטי־
קעל סחורה, איך וועל איהר בעצאהלען וואס איהר קומט און וועל זיא
ארויסטרייבען וויא א צוינ.

## 5טער אויפטריט.

### שמערקע.

שמערקע באלד קומט דער דאָקטאָר טאַנענבלום.

אנא האָסטו איהם געזאגט אז איך בין עפּעס ניט געזונד.

שמערקע יא.

אנא נוא וואס האט טר געזאָגט?

שמערקע ער האָט זיך זעהר דערשראָקען און האָט געזאגט אז באלד קומט ער.

אנא ער האט זיך דערשראָקען זאָגסט דוא?

שמערקע נאך וויא דערשראָקען, ער איז פשוט א טויטער געבליעבען, מיין ליעבע אנא איז קראנק? — האט ער מיט שרעק א געשרייא געטהאָן און פון דעם געשרייא האָב איך פערשטאנען אז ער איז אין אייך פערליעבט איבער דעם קאָפּ־פּעלוש, ער איז פשוט אייער כפרה (אפארט) זאָל דיא משוגע'נע ה..בען א גוטען חלום (אב)

אנא מאמא דוא האָסט געהערט? דער דאָקטאָר האט זיך דערשראָקען ער אז האָט דערהערט אז איך בין קראנק, אהא האָב איך דיר פריהער ניט געזאָגט אז ער איז אין מיר פערליעבט. מאמא (קושט זיא) איך בין גליקליך דיא גליקליכסטע אין דער וועלט.

מאריא נוא ועסט דוא שוין ווייטער זאגען אז איך בין א פּראָסטע אידענע? נור מיר דארפסט דוא דאנקען פאר דער ליעבע, ווען ניט איך וואָלט גאר ניט געוועזן.

אנא מאמא ליעבע מאמא היינט איז דער גליקליכסטער טאָג אין מיין לעבען דוא וועסט זעהן אז היינט וועט טאנענבלום פאר מיר קניען און וועט מיר שווע־רען אז ער ליעבט מיך און וועט מיך בעטען איך זאָל זיינע זיין.

מאריא נוא וואס וועסט דוא איהם ענטפערן?

אנא איך וועל שוין וויסען וואס צו ענטפערן, יא איך וועל אזוי טהאָן וויא איך האב געלייענט אין א ראָמאן אז ווען ער האט זיך פאר איהר אין ליעבע ערקלעהרט האָט זיא גאר ניט געענטפערט זיא האָט איהם נור דערלאנגט דיא שעהנע בלום וואס זיא האָט אין דער האנד געהאלטען, האָט ער שוין פערשטאנען וואָס זיא מיינט. געפעלט דאס דיר מאמא?

מאריא שעהן זעהר שעהן, דוא מוזט מיין טאָכטער אן אנדער קלייד אויך

אַנטהאַן, דאס איז קיין קלייניגקייט ניט דיא זיסע מינוטען ווען מען הערט פון געליעבטע: צום ערשטען מאָל דיא ווערטער איך ליעבּ דיך.

אנא יא דוא האַסט רעכט ליעבע גוטע מאַמא (קושט זיא) קום איך וועל אָן'אַנ־
דער קלייד אַנטהאַן און וועל אויסקלייבען עפּעס אַ שעהנע בלום פאר איהם, פאר מיין ליעבען טאַנענבלום.

מאריא (קושט זיא) אין אַ גוטער שעה זאָל דאס זיין מיין טאָכטער קום מיין קינד (ביידע אבּ)

---

## זעקסטער אויפטריט.

ליזא (מיט אַ פּעקעל אין דיא הענד) איך בין שוין פערטיג דאס פערפלוכטע הויז צו פערלאַססען. וואו איז דער הערר באַרים? אך ווען ער זאָל מיר צוואַנציג רובעל לייהען וויא גליקליך העטע ער מיך געמאַכט, איך וועל מיך פיהלען וויא בעפרייעט פון אַ שרעקליכע געפענגנים. וויא ערלעב איך שוין אין דער היים צו זיין (פויזע) האב איך דען אַ היים? מיין גוטער אָנקעל יאַקאָב איזט יעצט אייז אַרעמער מאַן און ווער ווייס אויסער איהם פאר מיר זאָרגען? אָה מיין גאָט וויא שלעכט עס איז צו זיין אַרם און הילפלאָז. וויא אונגליקליך מען איז ווען מען איז עלענד אין אַ פרעמדער שטאָדט און מען קען זיך זעלבסט ניט העלפען. ווארום האָט מיך מיין אָנקעל געבילדעט? ווארום האט ער מיך ליעבערסט איינע ארבייט ניט געלערנט?

וואָס טויג דיא בילדונג, דער שכל, פערשטאַנד,
וואָס נוצט דער יושר טוגענד אַצינד
האַסט דוא קיין מיטעל צום לעבען אין האַנד
ביזט דוא פערגעבענט וויא אַ שטיף קינד.

---

## 7טער אויפטריט.

טאַנענבלום (קומט אַריין זיא בעמערקט איהם ניט זינגט ווייטער).
שלעכט איז דיא וועלט, שלעכט גאַר אָהן שיער,
גרויזאַם פּלאַגט מיר אימער דיא נויט,
גאָט מיינער האָב שוין רחמנות אויף מיר
שיק אויף מיר שנעל דעם זיסען טויט.

טאנענבלום (אפארט) וואס פאר איינע שטימע! וויא הערצרייסענד איהר ליעד איזט (צו איהר) נור ניכט פערצווייפעלט ליעבעס קינד. איהר קענט שנעל גערעטעט ווערען.

ליזא (קוקט זיך ערשראָקען אום) דאָקטאָר טאנענבלום?

טאנענבלום יא פריילין דאס בין איך אייער בעסטער פריינד.

ליזא מיין בעסטער פריינד? (שטרענג) דאָקטאָר! אָבוואָהל איך בין ניט מעהר וויא איינע אָרמע דיענסטמעדכען דאָך דולדע איך ניט זאָלכע שפּעסע.

טאנענבלום איהר בעליידיגט מיך פירכטעריליך ווען איהר דענקט דאס איך געהער צו דער קלאססע אונמענשען וועלכע קענען בייא זיך רעכט מאכען צו שפּאסען פון זאָלכע אונגליקליכע וויא איהר זייט.

ליזא איך קען אָבער ניט גלויבען דאָס אין אונזער שלעכטער וועלט בעפינדען זיך ווירקליך זאָלכע עדלע מענשען וואָס אינטערעסירען זיך פאר פרעמדע אונגליקליכע.

אנענבלום איהר בענעהט איינע זינדע ווען איהר בעטראכט אלע מענשען אלס פערדאָרבען. איך ווידערהאָלע מיינע וואָרטען דאס איך בין אייער בעסטער פריינד.

ליזא איך קען אייך דאָך ניט גלויבען ווייל איך האָב אייער פריינדשאפט ניט פערדיענט.

טאנענבלום פריינדשאפט קען מען זעהר אָפט פערדיענען דורך שווייגזאמע קיישהייט און דורך איינפאכע טוגענד. יא פריילין אייער געזיכט צייגט דאס איהר זייט א קיישעס טוגענדהאפטעס מעדכען אין דער צייט וואס איך האָב ערקענט דיא שלעכטע זייטע פון אייערע הערשאפטען האב איך אויך געלעגענהייט געהאט צו ערקענען אייער גוטע זייטע. איך האב ערקענט אז נור דער צופאל האָט אייך פאר א דיענסט געמאכט און בין דארום זעהר נייגיעריג צו וויסען, ווער איהר זייט און וויא זאָ איהר זייט אין דיעזער העלע אריינגעפאלען.

ליזא אייער פריינדליכעס געזיכט, דער צערטליכער טאָן פון אייערע וואָרטען דאָקטאָר, צייגען מיר דאס איהר האט ווירקליך מיטלייד מיט מיר. אָה וויא דאנקבאר איך בין אייך, שוין לאנג האב איך קיין מיטלייד פון יעמאנדען געזעהן (ווישט דיא אויגען).

טאנענבלום אום הימעלס ווילען וויינט ניט, אייערע טרערען מאכען מיך שרעקליך נערוועז. ערצעהלט מיר ליעבטרסט אייער טרויעריגע געשיכטע.

ליזא מיין געשיכטע איז קורץ דאָקטאָר. יונג בין איך איינע ווייזע געבליעבען.

מיינע מוטער האט נאך דעם הימעל אויסגעוואנדערט און מיין פאטער האט מיך אין זיין ברודערס הענד איבערגעלאָזט און איז מיט זיין צווייטער פרויא נאך דיעזער געגענד געפאָהרען. מיין רייכער אָנקעל האָט מיך מיט פעטערליבע צערטליכקייט ערצאָגען. ער איז אָבער אין דער לעצטער צייט זעהר ארם געוואָרען, איך וואָלטע מעהר אויף איהם צו לאסט ניט פאלען און בין אהער געקומען מיינעם רייכען פאָטער אויסצוגעפינען, דען איך האָב ערפאהרען דאס ער וואָהנט היער. לײדער האָב איך איין אירטהום געהאט איך האָב איהם היער ניט געפונדען, דאס געלד האט זיך פון מיין טאשע אויסגעשעפט, איך בין געבליעבען אין גרעסטען נויטה און ווּאר דאָ־רום געצוואונגען איינע שטעלע אלס דיענסטמעדכען אנצונעהמען.

טאנענבלום האט איהר קיינע בעסערע שטעלע ניט געקענט געפינען וויא נור דיענסטמעדכען צו זיין.

ליזא איך האָב געוואָלט איינע גובערנאנטין ווערען, ווייל איך פיהל מיך זעהר פעהיג דאצו, איך בעזיצע פיער אייראָפּעאישע שפראכען און שפיעל זעהר גוט פיאָנאָ. ליידער אָבער האָט זיך אזא שטעלע ניט געמאכט און דיא נויטה וואר אונגעהייער גרויס, ווען מען האלט ביים ערטרינקען ערגרייפט מען זאָגאר א שטרוי אלס לעבענס רעטער.

טאנענבלום איך פערשטעה, איך פערשטעה אלזאָ וואס דענקט איהר יעצט צו טהאָן.

ליזא צוריק נאך מיין הייםאטה פאָהרען, צו מיין גוטען אָנקעל.

טאנענבלום. איהר זאָגט דאך דאס ער איז ארם.

ליזא יא ער איז ארם, אבער ער איז דאָך מיין איינציגער פריינד.

טאנענבלום ניין פרייליין ער איז ניט אייער איינציגער פריינד איהר האָט נאך איינעם וועלכער איז אייך נאָך מעהר פריינד אלס אייער אָנקעל און ווען איהר וועט איהם ערלויבען וועט ער פאר אייך זאָרגען.

ליזא איך פערשטעה אייך ניט דאָקטאָר

טאנענבלום האָב איך אייך שוין ניט געזאגט דאס איך בין אייער וואהרער בעסטער פריינד. איך בין רייך און האָב דיא מעגליכקייט אייך גליקליך צו מאכען....

ליזא מיך גליקליך צו מאכען? וויא זאָ דענקט איהר דען מיך גליקליך צו מאכען?

טאנענבלום איך קען דאָס אייך ערקלערען, אָבער איהר מוזט מיר פערשפּרע־כען דאס איהר וועט אין דער וואהרהייט פון מיינע וואָרטען ניט צווייפלען,

איך שווער אייך בייא דער עראינערונג פון מיינע טויטע עלטערן דאס אלעס וואס איהר וועט פון מיר הערען קומט פון מיין טיעפען הערצען.

ליזא וואָצו דאס שווערען דאָקטאָר, איך בין שוין איבערציינט אין אייער אויפ־ריכטינקייט.

טאנענבלום איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר דאָס צוטרויען וואס איהר שענקט מיר. אלזאָ גוט, אויפריכטיג וועל איך אייך זאָגען דאס זייט איך האָב אייך דערזעהן האָב איך ניט אויפגעהערט וועגען אייך צו דענקען. איך האָב גלייך פערשטאנען דאס איהר זייט א קינד פון א גרעסערע פאמיליע און דאס דיא נאטור האָט אייך זאָ רייכליך מיט איהרע פרעזענטע בעגאבט דאס איהר קענט אזא מאן וויא איך בין פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט מאכען.

ליזא (פערשעהמט און איבערראשט) דאָקטאָר! ...... איך קען ניט ...... איך קען דאס ניט גלויבען .....

טאנענבלום האָט איהר זעלבסט ניט נעזאָגט דאס איהר זייט שוין איבער־ציינט אין מיין אויפריכטינקייט?

ליזא צופיעל ..... יא צופיעל מיט איין מאָל.

טאנענבלום צופיעל גליק פאר אייך! ליזא איהר קענט זיך ניט פאָרשטעלען וויא גליקליך איהר האָט מיך געמאכט מיט דיעזע נעצעהלטע וואָרטען, דען זייא בעווייזען מיר דאס איהר וועט זיך ניט וויינגערען מיינע לעבענסבענלייטערין צו זיין. ליזא! רייכט מיר אייער האנד און אלע מענשען פון דער וועלט זאָלען אונז בענײדען.

א ניין דאָקטאָר, ניט נור דיא מענשען פון דער וועלט זאָגאר אלע ענגלען פון הימעל דארפען מיך בענײדען היער האט איהר מיין האנד מיט מיין שוואור דאס אייער געטרייע גאטטין ווערדע איך ביז צו מיין טויט פערבלייבען (רייכט איהם דיא האנד.

טאנענבלום (ערגרייפט איהר האנד) ליזא! מיין שאטץ מיין גוטער ענגעל (אומארמען און קושען זיך)

ליזא (שפרינגט פלוצלינג פון איהם אב) אָה איך הער יעמאנד קומט.

טאנענבלום נוא ווארום האָט איהר זיך דערשראָקען? יעצט ברויכט איהר קיינעם צו פירכטען.

---

8טער אויפטריט.

מאריא — אנא

אנא (איבערראשט) דער דאָקטאָר? (צו איהם) אָה ליעבער דאָקטאָר זייט מיר הערצליך ווילקאָמען, איהר זייט שוין לאנג דאָ?

דאָקטאָר ניין ניט לאנג.

מאריא ווארום האָט איהר אונז ניט געמעלדעט אז איהר זייט דא הערר דאָקטאָר?

טאנענבלום איך האָב ניט געפונדען פאר נעטהיג מאדאם.

מאריא (דערזועהט ליזאן) וואָס טהוסט דוא דאָ דיענסטמויד?

אנא בעצאָהל דער פאָמוניצע וואָס איהר קומט און וואַרף זיא ארויס פון דאנענט.

טאנענבלום ניין פרייליין זיא ברויכט יעצט אייער געלד ניט. זיא איז רייכער פון אייך (שטעלט אונטער דעם ארם) קום מיינע ליעבע בראוט.

ליזא (נעהמט איהם אונטערן ארם) איך נעה מיט דיר מיין טהייערער ברייטי־גאם (ביידע לאָזען זיך געהן צום טהיר, מאריא מיט ליזאן בלייבען שטעהן וויא צודולט. קוקען זיך אן ערשראָקען און בעשטירצט.

פאָרהאַנג פאלט.

---

# פירטער אקט.

## זיעבעטעם בילד.

אין א צימער בייא באריס שטיינהויז.

---

1טער אויפטריט.

מאריא — אנא (ביידע זיטצען בייא א טיש)

אנא (קלאפט מיט דיא פויסטען אין טיש) גוואלד! גוואלד! איך וועל זיך נאָך א מעשה אָנטהאָן איבער דער פראָסטער אידענע, זיא וועט מיך יונגערהייט אין דער ערד אריין פערטרייבען.

מאריא איך זאָל קרענקען אויב איך פערשטעה וואָס דוא װילסט פון מיין לע־
בען האבען, בין איך דען שולדיג אז דער דאָקטאָר רוף האט זיך פערקאָ־
כעט אין דיין פּאָקאָיאָווע. ווייסט דוא אליין ניט אז איך האָב אלע מיינע כחות
אוועקגעלעגט ער זאָל זיך נאָר אין דיר פערליעבען.

אנא דוא, נאָר דוא אליין ביזט אין דעם שולדיג, וויא אזוי האָסטו פריהער ניט
דערזעהן אז צווישען זייא איז א פערליעבעניש.

מאריא נוא איך פרעג היך דאס איינענע, דוא ביזט דאָך שוין א קלוגע און א
געבילדעטע, פאר וואָס האָסט דוא דאס ניט דערזעהן?

אנא נעה טענה זיך אוים מיט א פּראָסטע בעשעפענים. ווען האָט דאס גע־
קענט איינפאלען אז אזא געבילדעטער שעהנער דאָקטאָר וועט זיך פער־
ליעבען אין א דיענסט מויד. אין אזא פּטרזעהעניש.

מאריא איאָ דאס קען קיינעם ניט איינפאלען? נוא איז דאָס מיר אויך ניט
איינגעפאלען.

אנא בייא לייטען האָב איך געזעהן מאמעס זיינען טאקי געטרייע קלוגע מאמעס,
ווען א יונגער מאן קומט אריין צו זייערע טעכטער נעהמען זייא פון איהם
דיא אויגען ניט ארונטער, מען היט איהם וויא א גנב און מען שמייכעלט איהם וויא
א פּיצעלקינד, דוא אבער האָסט נאָר אין זינען געהאט דיינע פּוידער מיט דעם שפּי־
געל, דערפאר איז אזא סוף אויסגעגאנגען.

מאריא אי לאָז מיך צו רוה איך בעט דיך, וואָס האָסטו זיך אָן מיר אָנגעטשע־
פּעט, שולדיג איז דאָ נאָר דיין טאטע, פון יענער נאכט אָן וואָס ער האט
אלע אונזערע געסט אזוי בעליידיגט, און האָט אויסגעזאָגט אז דוא ביזט שוין
צוואנציג יאהר אלט, יא טאקי פון יענער נאכט אָן איז דער דאָקטאָר צו דיר
קאלט געוואָרען.

אנא אין דעם ביזט דוא אויך שולדיג אָן אנדער געטרייע מאמע וואלט
אזא זשיעד, אזא נארישען מאַן דעם באָרד אויסגעריסען און אלע
ביינער צובראָכען, אבער וואָס האָסט דוא געטהאָן, דוא האָסט זיך געמאכט וויא
דוא בעקוקסט שפּאזמען און שוין. אי אומגליק מיינס! קיין מערבען האט גאָט גע־
שטראָפט מיט אזעלכע ווילדע טאטע מאמע וויא מיינע זיינען.

## צווייטער אויפטריט.

### באריס.

באריס מאריא וואו איז אונזער דיענסטמעדכען, ווארום האָב איך זיא זייט איינינע טעג ניט געזעהן, זיא איז שוין פון אונז אוועק געגאנגען?

מאריא נוא קען דיא גאָל ניט צושפּרינגען ווערען הערענדיג אזעלכע פּראנעס. וואס הייסט דוא ווייסט גאָר ניט אז דער דאָקטאָר טאנענבלום האט זיא פון דאנען צוגענומען.

באריס אזוי? זיא האָט זיך געשטעלט דיענען בייא דעם דאָקטאָר.

מאריא דיענען זאָגט ער. פּראָסטער איד וואָס דוא ביזט. ניט א דיענסט וועט זיא בייא איהם זיין נאָר א ווייב. דוא פערשטעהסט, ער נעהט מיט איהר חתונה האָבען.

באריס איז דאס מעגליך? טאנענבלום האט חתונה מיט דער מערכען?

מאריא נוא האָט מען געזעהן אין דער וועלט אזא פערפלוכטען טאטען וויא ער איז. מיר נעהןביידע דורך דעם ארום אָהן קעפּ און ער פרענט זיך גאנץ קאלט (קרימט איבער) איז דאס מעגליך.

באריס איך פערשטעה ניט פאר וואָס איהר געהט ביידע ארום אָהן קעפּ דורך דעם.

מאריא גוואלד געשריענען! מען קען דעם שלאג בעקומען הערענדיג אזעלכע ווערטער, וואָס הייסט? דוא ווייסט גאָר ניט אז אונזער אנא איז פער־ליעבט אין דעם דאָקטאָר.

באריס דאס וואס זיא איז אין איהם פערליעבט איז נאָך ווענינ, ער האָט דאָך אויך עפּעס א שטיקעל דעה. דוא זעהסט דאָך אז ער האָט גאָר ליעב געהאט אונזער פּאָקאָיאָווע.

אנא וואָס רעדסט דוא מאמא מיט דעם פּראָסטען זשיעד, מיט אזא אלטען נאר איז ניטאָ וואס צו רעדען.

באריס געוויס בין איך א נאר, דען ווען איך זאָל זיין קלוג וואָלט איך דיר דיינע געבוקבעטע קלוגע באקען גוט אויסגעפּאטשט פאר אזעלכע ווערטער.

מאריא דוא וואָלסט זיא געפּאטשט? דוא ניעדערטרינער זשיעד, אנאָ פּריוו זיא נאָר מיט איין פינגער בעריהרען וועט איין האָר אין דיין באָרד און איין צאָהן אין דין מויל ניט בלייבען.

ב א ר י ס אויב אזוי מעג שוין דיין טעכטערל מיך רופען זשיעד און אלטער נאר, זיא אליין מעג מיך אויך שרעקען מיט פעטש.

א נ א און דוא מיינסט איך וועל דיר שווייגען, ניין איך וועל מיך ניט לאָזען טרעטען מיט דיא פיס פון אזא נארישען זשיעד וויא דוא ביזט, קיין מאָל וועל איך פערגעסען אז נאָר דוא האָסט מיך אונגליקליך געמאכט, דער דאָקטאָר האָט ניט געוואָלט האבען אזא זשיעד פאר א שוויגער פאטער.

ב א ר י ס ווען בייא איהם איז רעכט גענווען האבען מיין דיענסטמעדכען פאר א כלה וואָלט בייא איהם געווים רעכט געווען מיך פאר א שווינער פאטער צו האָבען. דאס אונגליק איז דא אבער געווען וואָס ער איז זעהר א קלוגער יונגער מאן ער האָט באלד פערשטאנען אז דיא פּאָקאָיאָווע שטעהט פיעל העכער פון איהר ווירטהין

א נ א דוא הערסט מאמא, דוא הערסט וויא ער שיט זאלץ אויף מיינע וואונדען גוואלד איך וועל מיר דאס לעבען נעהמען.

מ א ר י א וואָס הערסט דוא זיך איין צו זיינע ווערטער, ווייסט דוא דען ניט אז עס אי נאר א שאנדע מיט איהם אין איין שטוב צו זיין.

א נ א מיר איז בעשטענדיג א שאנדע געווען צו זאגען אז דער זשיעד איז מיין טאטע.

ב א ר י ס שעהמט זיך, יא שעהמט זיך מיט מיר, איך אליין שעהם מיך אויך ווען איך דערמאן זיך וויא נאריש און דום איך האָב געהאנדעלט דאמיט וואס איך האב מיך געלאָזט פערבלענדען דיא אויגען פון אזא אויסוואורף פון אזא קאקעטקע וויא דיא איז (צייגט אויף מאריאן)

מ א ר י א אזוי? דוא האָסט חרטה אויף דעם שידוך? אז אָך און וועה איז צו דיא יאָהר, אז איך בין צו קליין פאר אזא מושיק קום אנושקא! וואס וועלען מיר דא טענה'ן מיט אזא גולם, איך קען זיין מיאוס פנים ניט אָנקוקען.

א נ א יאָ עס קען טאקי נאר קיין גרעסערע שאנדע ניט זיין וויא צו רעדען מיט אזא אלטען דוראק קום מאמא (ביידע אב)

ב א ר י ס (אליין) נוא פעהלט מיר נאָך עפּוואס? עס האלט שוין דאבייא מיין טאָכטער זאָל מיין באָרד אויסרייסען און דיא צייהן פון מויל אויסשלאגען, עס האלט שוין דאבייא איך זאָל דארפען ציטטערן עפענען דאס מויל בייא מיר אין שטוב, ווייל מיין אריסטאָקראַטישע ווייב און מיין געבילדעטע טאָכטער קענען מיינע זשידאָווסקי דומהייט ניט הערען, (פערצווייפעלט) וואָס טהוט מען מיט אזעלכע צווייא טייפלען. אבער האב איך דען דאס אלעס ניט פערדיענט. מיין געטרייע פרויא

האָב איך אין דער ערד פערטריעבען און מיין ליעבע טאָכטער לאה׳לע האָב איך וויא אויף הפקר איבערגעלאָזט און איך האָב דיא גאַנצע צוואַנציג יאָהר וואס איך בין דאָ פון איהר ניט געוואָלט וויסען עס קען זיין אז זיא איז גראדע א גוט קינד (פויזע) איך מוז נאך הייטע שרייבען א בריעף צו מיין ברודער און אָנפרעגען איהם ווענען מיין לאה׳לען, אויב זיא לעבט וועל איך מיין גאַנץ עשירות איהר אָבגעבען. דאס וועט פיעלייכט אָבשוואכען דיא שטארקע זינדע וואס איך האָב גענען איהר בעגאַנגען.

---

## דריטער אויפטריט.

נאלמאן (ער ווייזט אויס אלט מיט א רויטע נאָז געקליידעט אלס בעטלער).

נאלמאן א גוטען טאָג אייך (פערניינט זיך טיעף)

באריס איהר ווילט געוויס א נדבה אָרעמער מאַן?

נאלמאן ניין, איך וויל נאָר וויסען וואָהנט דאָ א געוויסער בערעל שטיינפעלד.

באריס איך האָב א מאָל זאָ געהייסען, הייטע הייס איך באריס שטיינהויז.

נאלמאן אזוי? דאָס זייט איהר אליין רבי בערעל שטיינפעלד און וויא הייסט אייער ווייב זאָל לעבען ניט מרים?

באריס יא, דאָ הייסט זיא מאַריא.

נאלמאן (ערפרעהט) אזוי? האָב איך קיין טעות ניט געהאט. וואו איז אייער ווערטהע פרויא.

באריס וואָצו ברויכט איהר זיא.

נאלמאן איך בין איהרער אַן׳אלטער בעקאַנטער און איך בעדארף מיט איהר זעהר וויכטיגעס רעדען.

באריס ווער זייט איהר? איהר קומט מיר קענטליך פאָר.

נאלמאן ניין איהר קענט מיך ניט, אייער ווייב זאָל לעבען קען מיך זעהר גוט, יא נאך עטוואָס וויל איך אייך פרעגען דאס ערשטע קינד וואָס זיא האָט אייך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק געשיינקט לעבט?

באריס מיין טאָכטער אנא מיינט איהר? ווארום אינטרעסירט דאס אייך צו וויססען?

נאלמאן אוים בלויזער נייגיערדע מיין הערר. אלזאָ קען איך האָבען דאס פערגניעגען מיט אייער פרויא נעמאהלין צו שפּרעכען.

באריס ווילט איהר מיר ניט זאגען וואָצו איהר ווילט מיין פרויא זעהן.
נאלמאן איך מוז מיט איהר וויכטיגעס שפּרעכען, דאס האָב איך שוין דאס פערגניגען געהאט אייך צו זאָגען.
באריס (אפּארט) מיין גאָטט האב איך קיין אירטהום. דאס איז נאלמאן (צו איהם) ביטע נעהמען זיא פּלאַטץ, איך וועל אהער מיינע פרויא אריינ־שיקען (אפּארט) איך מוז ערפאהרען וואס פאר א וויכטיגעס ער וועט מיט איהר שפּרעכען (אָב
נאלמאן (אליין) בראַוואָ איין מאָל, בראַוואָ צווייא מאָל און נאך א מאָל בראַוואָ צום דריטען מאל. ההההה! צוואנציג יאָהר ארומגעטרעמפּעוועט, צוואנציג יאהר געוואנדערט פון איין שענק צום אנדערען פון איין קאַרטען־טישעל צום צווייטען, איצט וועל איך מיך קענען אביסעל אויסרוהען; מיינע ליעבע מאריא וויא איך זעה איז רייך און זיא וועט ניט פערלאָזען איהר אלטען געליעבטען און דעם טאַטען פון איהר קינד. יא זיא וועט געבען געלד מיט גוטען אָדער מיט בייזען! (קוקט אין שפּיעגעל) חע חע חע! ליעבען קען מען זיך שוין אין מיר ניט. מיין נאָז האָט צום שווארצ־יאָהר בעקומען עפּעס שיכור'ע פארב, אבער מיין מאריא וועט מיך מוזען פאר א גוטען גאסט צו נעהמען, זאָל מען אויף מיר זאָגען וואָס מען וויל, אבער דאָס וועט קיינער ניט אָבלייקענען אז איך בין א חכם, נאך מיט 21 יאָהר צוריק האָב איך זיך אָנגעגרייט א גוטע עלטער. איהר בריוועלע איהר טהייער בריוועלע איז נאָך בייא מיר און ער וועט פאר מיר עפענען מאריא'ס אלע קעשענעס און קניפּ לאָך. בראַוואָ נאלמאן ביזט א לייט, איך האָב פאר דיר רעספּעקט.

---

# פיערטער אויפטריט.

מאריא (מיט א פּאפּיראָס אין מונד און א פּאָכער אין האנד)

מאריא (זעהר שטאָלץ) ווער האָט דאס מיך דאָ בעדארפט.
נאלמאן (ערפרעהט אפּארט) זיא, דאָס איז זיא אליין מיט דיא ביינער. (צו איהר) מאריא מיין לעבען מיין נשמה וואס מאכסט דוא עפּעס (פּאלט איהר אום דעם האלז.
מאריא (שטויסט איהם אב) וואס איז דאס פאר א האָזע בעטלער.
נאלמאן אז איך וויז אויס וויא א בעטלער דאס איז אמת. אבער דערפאר בין איך דאָך דיינער אַן'אלטער גוטער ברודער. דערקענסטו מיך גאר ניט?

מאריא (אפארט העכסט ערציטערט) וועה איז מיר. נאלמאן (צו איהם) ווענן בעדארפט איהר דאָ.

נאלמאן וואאאס? דוא האָסט מיך טאקי באמת ניט דערקענט, אָדער דוא מאכסט זיך אז דוא דערקענסט מיך ניט. זעהסט דוא איך האָב דיך באלד דערקענט, דוא ווייזט אויס אָהן עין הרע יונג און שעהן וויא אין אונזערע אלטע גוטע יאָהר.

מאריא (בייז) איך קען אייך ניט.

נאלמאן דוא קענסט ניט דיין אמאָליגען געליעבטען דיאדקע נאלמאן.

מאריא דאָס ערשטע מאָל הער איך יעצט אזא נאָמען.

נאלמאן דיא קונצען פערשטעהט מען, אבער מיין נאָלדענע מאריא וואָצו זאָלסט דוא זיך מאכען פאר אזא שלעכטע. איך קען דיך פון א מאל אז דוא ביזט א דימאנט א בריליאנט, זאָג מיר בעסער וואס מאכסט דוא און וואָס מאכט אונזער ליעב קינד.

מאריא (זעהר בייז) פערריקטער מענש ווארפט זיך ארויס פון דאנען.

נאלמאן וועלכער משונע׳נער מענש ווארפט זיך אליין ארויס. איך וויל בעסערווארטען ביז דוא וועסט מיך ארויסווארפען פון דאנען, אבער דוא וועסט דאָס ניט טהאָן, ווייל דוא ווייסט אז איך האב פיינד מען זאָל מיך אריינברענגען אין כעס.

מאריא איהר גֿעהט אוועק פון דאנען מיט גוטען?

נאלמאן איך וועל דיר צוליעב טהאָן מיין נשמה און וועל אוועק געהן דוא ווייסט דאָך אז איך האָב דיר אלע מאל צוליעב געטהאָן ........ אבער איך מוז מיך פריהער זעהן מיט דיין מאן זאָל געזונד און שטארק זיין.

מאריא וואָצו בעדארפט איהר מיין מאן?

נאלמאן איך וויל איהם בעטען מיט גוטען ער זאָל מיר מיין טאָכטער אָבגעבען. מיט וואָס פאר א האָזע זאָגט ער אז ער איז איהר טאטע. איך וועל פאקטיש דערווייזען אז זיא איז מיין קינד מיין פלייש און בלוט.

מאריא וויא אזוי וועט איהר דאס דערווייזען.

נאלמאן מיט דעם בריוועלע וואָס דוא אליין מיט דיין כשר הענטעל האָסט מיר געשריעבען ווען דוא ביזט פערגאנגען אין צווייטען מאָנאט. דאס קווי־טעלע לעבט נאך אָט איז ער (שלעפט ארויס פון טאש א בריעף) איך האָב איהם אָבגעהיט וויא מיינע אויגען אין קאָפּ. וואו איז ערגעץ דיין מאן דער רויבער פון מיין קינד (לאָזט זיך געהן צו א טהיר)

מאריא קום נאָר אהער גאלמאן.

גאלמאן געקויבט און געדאנקט איז ער דוא האָסט מיך שוין דערקענט און האָסט זיך דערמאָנט וויא איך הייס. זעהסט דוא דערפאר האב איך דיך ליעב.

מאריא געגוג דיר צו שפּאסען און זיך מאכען נאריש, לאָ'מיר בעסער רעדען אָפען איך פרעג דיך וואָס פאר א שלעכטס האב איך דיר געטהאָן וואָס דוא ווילסט מיך אונגליקליך מאכען.

גאלמאן חלילה! ווער זאָגט דען אז הוא האָסט מיר געטהאָן שלעכטס פער־קעהרט איך וועל שרייען אין אלע גאסען אז דוא האָסט מיר פיעל פערגניגען פערשאפט. איך וויל ניט מעהר וויא מיין קינד זאָל ווייסען אז איך בין איהר טאטע ביז 120 יאָהר. נוא איז דען דאָס עפּעס אָן'עולה?

מאריא אונמענש וואָס דוא ביזט! זאָג אָפּפען אז דוא ווילסט געלד.

גאלמאן מיט אזעלכע חכמניותן וויא דוא ביזט פערשפּאָרט מען צו רעדען אָפען, ווייל דוא פערשטעהסט אויפ'ן ווינק.

מאריא גיעב אהער מיין בריוועלע, דוא בעקומסט א פינף און צוואנציגער.

גאלמאן וויא פיעל 25 רובעל? ביזט דוא משוגע, עפּעס א סך האסט דוא געזעהן א טאטע זאָל פערקויפען זיין קינד פאר 25 רובעל.

---

## פינפטער אויפטריט.

### אנא.

אנא מאמא דיא שניידערין איז דאָ.

גאלמאן (אפּארט) דאָס איז מיין טאָכטער? אָהן עין הרע א מויד וויא א צימעס.

מאריא באלד מיין טאָכטער וועל איך אריינקומען. איך מוזט מיט דעם מענשען עפּעס רעדען.

אנא וואָס פאר געשעפטען האָסט דוא מיט דעם בעטלער מיט דעם שלעפּער.

גאלמאן (אפּארט) הערט א האָזע אנטקעגען א טאטען (צו איהר שפּאָטיש בעליידיגט מיך ניט פריילין, איך בין דיינע א נאָהענטער קרוב.

מאריא (ווינקט איהם ער זאָל שווייגען) יא מיין טאָכטער דער מענש איז אונזערער א פערוואנדטער.

אנא דער שלעפער איז דייגער א פערוואנדעטער? שעהנע קרובים האָסט דוא
דוא מענסט מיט זייא שטאָלצירען.

גאָלמאן שעהם זיך מיט מיר ניט טאָכטער, מיר זיינעןביידע פון איין יחוס.

אנא וואָס איז דאָס פאר א פרעכהייט פּראָסטע אידענע וואָס שווייגסט דוא
דעם שלעפער? טרייב איהם ארויס פון דאנען!

גאלמאן אזוי גאָר? אנטגעגנען דער מאמא האָסט דוא אויך אזא האָזע, נוא
אויב אזוי מענסט דוא מיך אויך זידלען.

מאריא איך בעט דיך מיין קינד, געה אריין צו דער נייטאָרין, איך כוז מיט דעם
מענשען עפּעס רעדען באלד קום איך צו דיר.

אנא וואָס פּראָסט איז ניט עדעל, זיא הערט וויא דער בעטלער רעדט צו מיר
מיט אזא חוצפה און זיא שווייגט, טפוי אויף אזעלכע מאמעס (שפּייט
אויס, אָב)

גאלמאן חע חע חע! א שעהנעם לייט האָסט דוא געמאכט פון מיין קינד, אזא
יאָהר אויף מיינע שונאים.

מאריא גוואלד איך וועל זיך נאָר א מיתה אָנטהאָן. איך פרעג דיך רוצח וואָס
האסט דוא צו מיר. האָב אויף מיר רחמנות און געה אוועק פון דאנען.

גאלמן אליין געה איך ניט, איך וויל מיין טאָכטער אדער דיא ממתקים.

מאריא וויא פיעל? זאָג רוּבער וויא פיעל פערלאנגסט דוא?

גאלמאן א קלייניגקייט, ניט מעהר וויא טויזענד רובעל.

מאריא טויזענד רובעל? פאר וואָס קומט דיר אזוי פיעל געלד?

גאלמאן דערפאר וואָס איך שענק אוועק מיין טאָכטער צו א פרעמדען מענשען.

מאריא איך האב ניט, איך קען דיר אזוי פיעל געלד ניט געבען.

גאלמאן אזעלכע תירוצים וויל איך ניט הערען.

מאריא איך וועל דיר געבען 500 רובעל און גיעב מיר אָב דעם בריעף.

גאלמאן ביזט א חכמה, קיין בייזע אויג זאָל דיר ניט שאטען פאר 500 רובעל
זאָל איך פערקויפען אזא דערוואקסען מיידעל.

מאריא דוא ביזט מיין מלאך המות, מיין קוילער.

גאלמאן מיט 21 יאָהר צוריק האָסט דוא אויף דאס זעלבע געזאָגט פון דעסט
וועגען לעבסט דוא נאָט צו דאנקען, אבער געגוג צו טענה׳ען, דוא
גיסט מיר טויזענד רך.

מאריא איך שווער דיר אז איך האב אזוי פיעל געלד ניט.

גאלמאן עס מאכט ניט אויס, דוא ביזט בייא מיר א גוטער בטוח גיעב מיר

דערווייל וויא פיעל עס איז. דאס איבעריגע וועסט דוא מיר אָבגעבען אין אן אנ־דער צייט.

מאריא גוט, איך וועל נעהן דיר ברענגען דערווייל א הונדערטער.

גאלמאן א הונדערטער איז בייא אזא מענשעל וויא איך בין אויך א מטביע, אָבער מאך דאס אביסעלע ניכער,

מאריא באלד קום איך צוריק (אב)

גאלמאן (אליין גיט זיך א קניפּ אין דער באק) שעהנער בחור גאלמאן דוא קענסט לערנען. אַט אזוי, מיר וועט אריינפאלען טויזענד קארבען, איך וועל ווערען אַן עושר (באריס קומט אריין בלייבט שטעהן אין טהיר גאלמאן בע־מערקט ניט און רעדט ווייטער) נוא פרעג איך איך דארף מען האבען גאָלד און ברי־ליאנטען אז אזא שטיקעל שמאטע (ציינט אויף דעם בריעף) צאָהלט מען טויזענדער (קושט דעם בריעף) גוטער ליעבער פריינד 21 יאָהר האָב איך דיך אָבגעהיט און איצט וועלען מיר זיך מוזען שיידען.

באריס (אפּארט) וואס פּלוידערט ער דא?

גאלמאן יא שיידען וועל איך מיך פון דעם טהייער בריוועלע, אבער דיא קשיא איז פאר וואָס זאָל איך פאר איהם נעהמען ניט מעהר וויא טויזענד רובעל, נוא און צעהן טויזענד וועט זיא קראנק זיין צו בעצאָהלען פאר איהם. איז בייא איהר ניט ווערטה אזא מעשה הונדערט טויזענד רובעל, ווען איהר מאן זאָל דעם בריעוועלע איבערלייענען און וועט דערזעהן אז זיין טאָכטער איז גאר מיין טאָכטער וועט ער דאך מיט איהר שלאגען כפרות אויפ'ן גרויסען אופן.

באריס (אפּארט) איך מוז זעהן וואס דאס איז פאר א בריעף.

גאלמאן יא צעהן טויזענד רובעל מוז זיא מיר בעצאָהלען פאר דעם אוצר (באריס נעהמט שטיל צו חאפּט פון זיין האנד ארויס דעם בריעף גאלמאן ווערט ערציטערט שרייט פערצווייפעלט) וואָס האָט איהר געטהאָן? גיט מיר אָפּ דאס פאפּיערעל.

באריס (פערשטעקט דעם בריעף אין זיין טאש) מאך דא קיין ליארם בעטלער, דען איך וועל דיר דיינע ביינער צוברעכען.

גאלמאן האָט רחמנות גיט מיר אב דאס פאפּירעל.

באריס איך וועל איהם פריהער דורכלעזען נאכהער וועל איך וויסען וואס מיט איהם צו טהאָן (אָב)

גאלמאן (אליין) אידען ראטעוועט מיך! איך חאלעש, איך שטארב, (גיט א שפּייא) טפוי! אַט האָסט דוא דיר פון אלע מיינע גליקען האט זיך

פּלוצלינג אויסגעלאָזט א בוידים. אַי וועט זיא דאָס חאַפּען א שווארצען סוף. אבער דאַס ארט מיך גאָר ניט, מיך ארט דיא אַפּויטיקע וואָס איך האָב דאָ פערלאָרען. גוואלד! צעהן טויזענד קארבען האָב איך דאָ פערלאָרען, גיט מיר א מעסער אָדער א שטריק איך וועל זיך קוילען אָדער הענגען צום שווארצ־יאָהר.

---

## 6טער אויפטריט.

מ א ר י א (טראגט אריין געלד) נא דאָ האָסט דוא הונדערט רובעל, דאס איבער רינגע בעקומסט דוא דיא וואָך.

ג א ל מ א ן (גיט האסטיג א חאפּ דאָס געלד) זעהר גוט מאריא. אפשר קענסט דוא מיר איצט געבען נאָך איין הונדערטער.

מ א ר י א ניין אונמעגליך.

ג א ל מ א ן גיעב זשע מיר חאָטש נאָך פופציג.

מ א ר י א איך קען ניט גאלמאן; קום אין דרייא טעג ארום מיט דעם בריעף וועל איך דיר אָבצאָהלען מיט איין מאָל 900 רובעל (אב)

ג א ל מ א ן (אליין) דער הונדערטער איז וויא געפונען, אָה וועה! פערלאָרען 900 רובעל מזומן. איך זעה שוין אז מיר איז בעשערט צו פּגר'ן א קבצן. (לאָזט זיך געהן צו דער טהיר)

---

## 7טער. אויפטריט.

ב א ר י ס (קומט אריין זעהר אויפגערעגט) שטעהט נאָר הערר גאלמאן.

ג א ל מ א ן (אפּארט) ער ווייסט שוין ווער איך בין (צו איהם) וואָס ווילט איהר.

ב א ר י ס איך וויל אייך איבערגעבען מיין בעסטען דאנק.

ג א ל מ א ן איהר מאכט חוזק?

ב א ר י ס ניין, איך מיין דאָס זעהר ערנסט, איך בין אייך זעהר דאנקבאר דערפאר וואָס דורך אייך האָב איך יעצט אזא געהיימניס ערפאהרען. זאגט נאָר וואָס האָט איהר געוואָלט פון מאריאן געלד?

ג א ל מ א ן (ערשראָקען) ניין חלילה.

ב א ר י ס האָט גאָר קיין פורכט, זאָגט מיר דיא וואהרהייט.

ג א ל מ א ן איהר פערשטעהט דאָך שוין אליין, וואָס זשע פרעגט איהר?

באַרים איך וועל אייך געבען געלד. איהר מוזט אבער טהאָן דאס וואס איך וועל אייך בעטען.

גאלמאן וואָס ווילט איהר פון מיר.

בארים איהר זאָלט מאַריאַן אין מיין געגענוואַרט אגען אז אַנא איז אייער קינד.

גאלמאן דאס זאָגט דאָך אייך איהר בריעף.

באַרים איך וויל אבער אז איהר זאָלט דאס אויך זאָגען, און איהר בעקומט דערפאר 50 רובעל.

גאלמאן (אפארט) דאס איז געלד (צו איהם) גוט איך וועל אייך דאָס טהאָן, ווען זאָל איך איהר דאס זאָגען?

באַרים געהט אריין אין יענעם צימער, ווען איך וועל א געשרייא טהאָן גאלמאן זאָלט איהר אריינקומען.

גאלמאן גוט, איך בין צופריעדען.

באַרים נוא געהט זשע שוין אהין אריין (גאלמאן אב אין דעם אָנגעוויעזענעם צימער) אזא ענטדעקונג האָב איך ניט ערוואַרטעט. מיין גאָט איז דאָס קיין טרוים? אנא איז נים מיין טאָכטער נאָר גאלמאנס? אבער דאס דאַרף מיך נים קימערן, אין געגענטהייל מיך דאַרף פרעהען וואס אזא אויסוואורף איז נים מיין מיין טאָכטער, יעצט איז געקומען דיא צייט איך זאָל מיך מיט זייאביידען אָברעכענען.

---

## אַכטער אויפטריט.

יאקאָב (אין רייזע קליידער) וואָהנט דא דער העדר באַרים שטיינפעלד.

באַרים (איבעראַשט) וואָס זעה איך. יאקאָב מיין ברודער (פאַלט איהם אום דעם האַלז) ברודער ליעבער גוטער ברודער.

יאקאָב איך האָב דיך קוים דערקענט בערעל. ביזט דוא דאָס ווירקליך, יא דאָס ביזט דוא. וואָס זשע מאכסט דוא בערעל.

באַרים איך גלויב מיינע אויגען ניט, דוא יאקאָב ביזט דאָ, וויא קומסט דוא אהער.

יאקאָב אויך מיך האָט דער נויט צו דיר ברודער געטריעבען, איך בין אין דיא לעצטע יאָהרען בדלות געוואָרען, אומזאָנסט האָב איך מיך געראַנגעלט מיט דעם דלות אום נים אויף דיר צו לאַסט צו פאַלען, קיין זאך האָט מיר געהאָל־פען און איך האָב אויך געמוזט אהער קומען זוכען בייא דיר שטיטצע.

אריס צווייא מאָל האָסט דוא דא געזאָגט אויך מיך האָט דער נויט אהער געטריעבען. דוא מיינסט געוויס דאמיט אז דוא ביזט דער צווייטער, ווער זשע איז געוועזן דער ערשטער וואָס דער נויט האָט איהם צו מיר געטריעבען?

יאקאָב וואָס הייסט ווער? דיין טאָכטער.

אריס וועלכע טאָכטער.

אקאָב איך מיין דיין טאָכטער לאה.

באריס מיין טאָכטער לאה, נוא וואָס זשע זאָגסט דוא אז דער נויטה האָט זיא געטריעבען צו מיר.

אקאָב זיא איז דען ניט בייא דיר אין הויז?

אריס וויא קומט זיא צו מיר.

אקאב איך פערשטעה דאָס גאָר ניט זיא איז דאָך נאָך מיט צווייא מאָנאטען צוריק אהער צו דיר געפאהרען.

באריס זיא איז געפאהרען צו מיר? וואו זשע איז זיא?

יאקאָב איך פרעג איהם וואו זיא איז און ער פרעגט גאָר מיר. וואָס הייסט דאָס זיא איז גאר בייא דיר ניט געוועזן.

באריס ניין.

אקאָב דאס איז שרעקליך! וואו האָט זיא געקענט אהין קומען, איך אליין האָב זיא צו דיר ארויסגעשיקט און פאר איהר אָברייזע האב איך זיא געלאָזט פאָטאָגראפירען, איך האָב בייא זיך איהר בילד.

באריס דוא האָסט א בילד פון מיין טאָכטער לאה? איך בין נייגיעריג עס צו זעהען. צוואנציג יאָהר האָב איך זיא ניט געזעהן.

יאקאב איך קען דיר עס צייגען (נעהמט ארויס א ביכד פון דער טאש) דאס איז איהר בילד.

באריס (אלס ער דערזעהט דאס בילד אויסער זיך פון איבערראשונג) אָה וועה! וואָס זעה איך. דיא פאָקאָיאָווע איז מיין טאָכטער!

יאקאָב איך פערשטעה דיך ניט, וואָס פאר א פאָקאָיאָווע.

באריס יאקאב! ליעבער ברודער, דוא וועסט דאָס גאר ניט גלויבען אז מיין טאָכטער איז זעקס וואָכען אין מיין הויז געוועזן אבער ניט אלס מיין טאָכטער זאָנדערן אלס דיענסטמעדכען.

יאקאָב אונמעגליך.

באריס דאָס איז ליידער וויא איך ערצעהל דיר. וויא איך פערשטעה האָט זיא מיך דא ניט געקענט אויסגעפינען ווייל זיא האט געזוכט בערעל שטיינפעלד

און איך הייס הייטע באריס שטיינהויז און דער נויטה מיט דעם צופאל האבען דאַ עארבייט זיא זאָל זיך שטעלען דיענען בייא איהר איינענעם פאָטער.

יאקאָב דאס איז מערקווירדיג! וואו זשע איז זיא יעצט?

באריס איהר אייגענער פאטער האָט אויף איהר קיין רחמנות געהאט דערפאר האָט גאָטט מיט איהר מיטלייד געהאט, א יונגער רייכער דאָקטאָר מיט דעם נאמען טאנענבלום האָט זיך אין איהר פערליעבט און איז איהר חתן גע־וואָרען, ער האָט זיא פון מיין הויז צוגענומען.

יאקאָב איז זיא יעצט בייא דעם דאָקטאָר אין הויז?

באריס איך גלויב אזוי.

יאקאָב וואו וואָהנט דער דאָקטאָר טאנענבלום?

באריס ניט ווייט פון דאנען טאַקי אין דער גאַס.

יאקאב איך פליה שוין צו איהר.

באריס ווארט איך געה אויך מיט דיר.

יאקאָב נייץ בלייב צו הויזע, איך וועל זיא ליעבערסט ברענגען אהער, אזא צו־זאמענטרעפונג פון א פאטער מ־ט א טאָכטער פאסט ניט אין א פרעמ־דער שטוב (אב)

באריס (אליין) איך פאנג אן צו גלויבען אז איך שלאָף און זעה א שרעקליכען חלום, זאָל דאס מעגליך זיין אז אין איין טאָג זאָלען זיך אזוי פיעל וואונ־דער טרעפען, אין דעם טאָג האָב איך ערפאהרען אז איך האָב ערפאהרען א ממזר ערצויגען אלס מיין טאָכטער אין דעם זעלבען טאָג האָב איך ערפאהרען אז מיין ווירקליכע טאָכטער וואר בייא מיר א דיענסט. קלינגט דאס אלעס ניט וויא אונגלויבליך.

שמערקעס קול ראטעוועט ראטעוועט.

---

## ניינטער אויפטריט.

שמערקע (לויפט אריין ווילד) אנא יאגט איהם נאך מיט א שטעקען.

שמערקע בעל הבית ראטעוועט מיך (בעהאלט זיך אונטער באריס פלייצע)

אנא איך מוז איהם דיא הינטישעביינער צוברעכען.

באריס פאר וואס?

שמערקע דערפאר וואס איך וויל איהר ניט פאָלגען נעהן צום דאָקטאָר טאַנענ־
בלום, איהם דערצעהלען א ליגען אז איך אליין האב ארומגעפיהרט
ליזאן בייא נאכט אין דיא האָטעלן.

באריס (צו אנאן) און דוא ניעדערטרעכטיגע וואנסט זאָ וואס אויף דער עהר־
ליבע ליזא אויסצוטראכטען.

אנא וואָס נעהמסט זיך אזוי אן פאר דער דיענסט מויד.

באריס דיא דיענסט מויד וועט באלד זיין דיין ווירטהין, דוא הערסט אויסוואורף.

אנא קוקט נאָר אן דעם זשיעד וויא ער זידעלט מיך.

באריס (רייסט פון איהר האנד ארויס דעם שטעקען) מיט דעם שטעקען וועל
איך דיינע ממזרישע ביינער צוברעכען (וויל זיא שלאגען)

אנא (אנטלויפט) מאמא מאמא, דער זשיעד איז משוגע געוואָרען (אב)

באריס גוט האָסט דוא געטהאָן שמערקע, איך וועל דיך דערפאר גוט בעפריע־
דיגען, מען טאָהר אזעלכע ליגענס ניט זאגען.

שמערקע איך וויים אז גאָט שטראפט פאר א ליגען, איך האב אבער מורא אז
איצט וועט מיך אייער וויב מיט אייער טאָכטער אזוי בעשטראָפען אז
איך וועל מוזען אנטלויפען וואו דער געלער פעפער וואקסט.

באריס האב פאר זייא קיין מורא, געה (שמערקע אב זיפצענד)

---

## 10טער אויפטריט.

יאקאָב — ליזא — טאַנענבלום.

יאקאָב דאָ האָב איך דיר געבראכט דיין טאָכטער באריס, זיא ווייסט שוין
אלעס.

באריס (לויפט ליזאן אנטסעגנען) קינד מיינס מיינע ליעבע שעהנע טאָכטער.

ליזא פאטער מיין גוטער פאטער (אומארמען און קושען זיך)

באריס (וויינענד) אך וויא גליקליך איך בין צו זיין א פאטער פון אזא קינד.
אבער איך בין זעהר זינדיג געגען דיר מיין טאָכטער.

ליזא איך פערצייהע דיר אלעס ליעבער פאטער, לאססען וויר פערגעסען וואָס
עס איז געוועזען.

טאַנענבלום יא אלעס מוז פערגעסען ווערען. מיינע ליעבע ליזא און איך וועלען
אייך אימער אלס אונזער צערטליבען פאטער בעטראכטען.

## 11טער אויפטריט.

### מאריא—אנא

אנא (אפארט) דער דאָקטאָר? זיא?

מאריא וואאאס? דער פראָסטע זשיעד האט דיך געוואָלט שלאגען?

באריס דער פראָסטער זשיעד וועט אויך דיר עדלע אריסטאָקראטקע נעבען צו וויסען און ארויסוואַרפען פון שטוב.

אנא וואָס שווייגסטו דעם זשיעד?

מאריא הא? וואס? מיך וועסט דוא שלאגען? מיך. (לאָזט זיך צו איהם) איך וועל דיר דיין באָרד אויסרייסען.

ליזא (שפרינגט אריין צווישען זייא) איהר זאָלט ניט וואגען פערפלוכטע פרויא מיין פאטער צו בעריהרען.

אנא (אפארט) וויא? איהר פאטער זאגט זיא?

באריס שרעק זיך ניט מיין קינד, זיא וועט מיר קיין שלעכטס טהאָן (צו מאריאן) דיין בריעף צום הערין גאלמאן איז בייא מיר.

מאריא (ערציטערט אפארט) אָה וועה איך בין פערלאָרען.

אנא פראָסטע אידענע וואָס שווייגסטו איהם?

מאריא (צו איהר בסוד) שטיל.

אנא וואס פאר א שטיל? ער מיינט אז ער איז מיינער א טאטע וועל איך פאר איהם מורא האבען.

באריס איך מיין גאָר ניט אז איך בין דיינער א טאטע, דיין ריכטינגען טאטען וועל איך דיר באלד וויזען (שרייט הויך) גאלמאן (גאלמאן קומט אריין) זעהסט דוא געבילדעטע פריילין, דער הערר איז דיין טאטע.

גאלמאן יא מיין קינד איך בין דיין נעטרייער טאטע קום צו מיין ברוסט (אומארמט זיא)

אנא (שטויסט איהם אב פון זיך) פאָרט פון מיר אלטער שיכור.

גאלמאן אז איך בין אן אלטער שיכור דאס איז אמת איך האָב דערפאר אויף דיר קיין פאראיבעל ניט ווייל אן׳אמת מעג מען זאָגען אויף אן׳איינגע-נעם טאָטען, וואס זאָגסטו מיין שעהנע זיסע מאריאנושינקא, האב איך רעכט?

מאריא (אפארט) גוואלד וואו נעהמט מען דעם טויט?

אנא וואס? דער בעטלער איז טאקי מיין טאטע?

כיזא איך פערשטעה גאר דיא ווערטער ניט פאטער.

באריס גלייבער פאר דיר מיין קינד דוא זאָלסט ניט פערשטעהן וואס דאָ טהוט זיך (צו מאריאן און צו אנאן) מארש פון מיין הויז.

מאריא וועה איז מיר וואוהין זאָלען מיר געהן?

נאכמאן נאָר ניט געזאָרגט מיין קעצעלע, איך בין דאָ, איך וועל אייך ניט פערלאָזען ער גרייפט מאריאן מיט אננאן פאר דיא הענד) קומט מיר וועלען אלע דרייא געהען איבער דיא הייזער.

דער פארהאַנג פאלט.

ענדע.

# אוריאל

# אקאסטא

## א היסטארישער ראמאן

בעארבייטעט נאך דיא בעסטע היסטארישע קוועלען פון

## יאהאן פאלייא.

### אוריאל אקאסטא

איז איינער פון דיא גרעסטע מענער וואס אידען האבען געהאט.

### אוריאל אקאסטא

איז איינער פון דיא גרעסטע דענקער און פהילאזאפען.

### אוריאל אקאסטא

איז געווען דער ערסטער און גרעסטער קעמפפער פון פאנאטיזמוס און אבערגלויבען.

### אוריאל אקאסטא

איז דיא גרעסטע דראמא וועלכע ווערט געשפיעלט אין דיא יועלט טהעאטערע.

### אוריאל אקאסטא

איז בעארבייטעט אין א ראמאן און איז דאס גרעסטע מייסטערווערק אין דער אידישער ליטעראטור.

### אוריאל אקאסטא

איז בעארבייטעט נאך דיא בעסטע היסטארישע קוועלען פון דעם בעריהמטען אידישען זשורנאליסט יאהאן פאלייא.

דאס גאנצע ווערק האסט 10 סענט, מיט פארטא 12 כענט.

פערלאג פון

## ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד סטריט. ניו יארק.

# באקאטשיא'ס ווערק.

עס איז אַ פאַקט וואָס יעדער אידישער לעזער וועט צוגעבען אַז

# מאדאם באבעטא

איז דאס בעסטע ווערק וואָס איז ערשיענען אין אידיש

# פאסקארעללא

האט געמאַכט דעם גרעסטען סוקסעס ביי אלע קלאסען לעזער,

# דיא צוויי פאארלאך:

איז א מייסטער־ווערק וואס האָט קיין גלייכען

# פרינצעסין צולייקא

איז דאס בעסטע וואס באָקאַטשיאָ האט געשריעבען.

באָקאַטשיא'ס ווערק זיינען בעארבייטעט פון דעם בעריהמטען אידישען שריפטשטעלער

# ד. מ. הערמאלין

באקאטשיאס ווערק קאָסטען **10** סענט א שטיק
מיט פאָרטאָ **12** סענט.

פערלאג פון

# ב. ראבינאוויטץ,

**398** גרענד סטריט, ניו יארק.

# נייע ביכער פון מיין פערלאג

| | |
|---|---|
| מאדאם באבעטא, בעארבייטעט פון ד. מ. הערמאלין | 10 סענט. |
| חאדשי סטאווראס דער רויבער הויפטמאן פון א. טאנענבוים | 10 " |
| דיא שווארצע חברה, פון יאהאן פאלייא | 25 " |
| דער ליטווישער קעניג פון שנאָרער, פון מ. זייפפערט | 25 " |
| אוריאל אקאָסטא, פון יאהאן פאלייא | 10 " |
| ברוך שפינאָזא, פון ב. גאָרין | 20 " |
| דיא טאקסע, פון ש. י. אבראמאָוויטש | 15 " |
| יונגער שיפס־קאפּיטאן, פון א טאנענבוים | 10 " |
| אין ווילדען אפריקא " " " | 10 " |
| פליה מאשין " " " | 10 " |
| דאָקטאָר און צויבערער " " " | 10 " |
| שווארצע קונסט " " " | 10 " |
| א רייזע אין הימעל, פון ד. מ. הערמאלין | 10 " |
| אידישע קרבנות " מאָרדאָווצעוו | 15 " |
| קאמעליענדאמע " דומאָ (זוהן) | 30 " |
| נאנא, פון עמיל זאָלא | 35 " |
| נאנאס מוטער, (דער טויט שלעגער) | 30 " |
| פערניפטעטער קוס, פון עמיל זאָלא | 25 " |
| פון חופה צום קבר, פון עמיל זאָלא | 10 " |
| סאפהאָ, בעארבייטעט פון פאלייא | 15 " |
| דיא אידישע טרילבי נאך דע מאריע, פון א. טאנענבוים | 10 " |
| תחית המתים, בעארבייטעט פון מ. זייפפערט | 05 " |
| שאילאָק, פון שעקספּיער | 15 " |
| נתן דער חכם, „לעססינג“ | 10 " |
| לעבענס בעשרייבונג פון באראָן און באראָנעססע דע הירש | 05 " |
| דער גרויסער וויצען אלבום איללוסטרירט | 15 " |
| א שפּיטצעל פון א פורים שפּיעלער, פון א. מ. שארקאנסקי | 05 " |
| אמעריקאנישע הגדה " " " | 05 " |
| וויטצען פון קאָרט, פון א הומאָריסט | 05 " |
| פסח אין שניפּעשאָק, פון ב. גאָרין | 05 " |
| קאָשינגס האנדבוך, פון א. טאנענבוים וויא צו פיהרען מיטינגען אין חברות, לאָדזשען און סאסייעטיס | 25 " |

---

איהר קענט ביי מיר בעקומען אללע אנדערע ביכער פון אנדערע פּאָבלישערס צו דיא ביללינגסטע פּרייזען

מוכרי ספרים, אגענטען און סטענדקיפּער בעקומען ראבאט.

**קאָנטרי אָרדערס מיט א דעפּאָזיט ווערדען פינקטליך בעזאָרגט.**

אללע אָרדערס צו אדרעסירען דירעקט צום פּאָבלישער

B. RABINOWITZ, 398 GRAND STREET, NEW YORK.

## דיא ניצליכסטע ווערק פיר אלע אידען

# דיא אידישע געשיכטע

### נאָך פראָפעססאָר גרעטץ און אנדערע בעריהמטע היסטאָריקער,

בעאַרבייטעט פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען

## פ. וויערניק.

דיעזעס הערליכעס ריעזען־ווערק ענטהאַלטעט דיא גאַנצע אידישע היסטאָריע פון דער צייט וואָס אידען האָבען אָנגעפאַנגען צו עקסיסטירען ביז היינטיגען טאָג. עס דערצעהלט אַלעס וואָס מיט אידען האָט פּאַסירט אַמאָל און היינט. עס איז דער גרעסטער אוצר פון געשיכטליכע וויסענשאַפט. דורך דיעזעס ווערק וועט דער אידישער לעזער בעקאַנט ווערען מיט דיא געשיכטע פון זיין פאָלק וועלכע איז אַזוי רייך אין מערקווירדיגע בעגעבענהייטען.

**דיא אידישע געשיכטע** איז איין אונענדליך־גרויסער ספר זכרון וואו עס איז פערשריעבען מיט אייביגע בוכשטאַבען דיא וויכטיגע פערגאַנגענהייט פון דעם אידישען פאָלק. קיין פאָלק האָט ניט אַזאַ בעריהמטע היסטאָריע וויא דאָס אידישע פאָלק. דער אידישער לעזער האָט ביז יעצט ניט געהאַט דיא מעגליכקייט צו בעקענען זיך מיט דיא גרויסע לייט און וועלט־בעריהמטע פערזאָנען פון זיין פאָלק פון וועלכע ער שטאַמט אַרויס, ווייל אַזאַ פאָלשטענדיגע אידישע היסטאָריע איז נאָך ביז יעצט ניט געוועזען, מאַנכע האָבען זאָגאַר געמאַכט אַ פערזוך עס צו טהאָן, אָבער קיינע קען זיך ניט פערגלייכען מיט דיעזע פאָלשטענדיגע אידישע געשיכטע בעאַרבייטעט פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען און היסטאָריקער פ. וויערניק. דער שרייבער פון דיעזעס ריעזען־ווערק האָט זיך ניט נור בענוצט מיט פּראָפעססאָר גרעטץ'ס אידישע געשיכטע אַליין זאָנדערן מיט פיעלע אַנדערע בעריהמטע אידישע היסטאָריעס פון פערשיעדענע שפּראַכען, און פון דיא אַלע האָט ער צוזאַמענגעשטעלט דיעזע פאָלשטענדיגע היסטאָריע פון אידישען פאָלק. דיעזע „אידישע געשיכטע" איז געשריעבען אין אַ פרייע לאַנד וואו דער שרייבער דאַרף ניט מורא האָבען אָנצוגרייפען קיין זיין פּען ער אירגענד וועלכע רעגיערונג אָדער רעליגיאָן וואָס דאס שפּיעלט דיא הויפּט ראָלע אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק. דער שרייבער פון דיעזעס ווערק האָט בעשריעבען דיא פאַקטען וויא זיי זיינען אונגעשטערט אָפען און פריי. דיעזע אידישע געשיכטע איז געשריעבען אין אַ לייכטע אידישע שפּראַכע פערשטענדליך פיר אַלע קלאַססען לעזער. מיר מאַכען אויפמערקזאַם דיא אידישע לעזער דאס אויסער דעם וואָס דיעזעס ווערק איז העכסט בעלעהרענד איז עס אויך אינטערעסאַנט, שפּאַנענד און אנציהענד. עס וועט פערשאַפען דעם לעזער אַ וואַהרען גייסטיגען פערגניגען.

**דיעזעס ווערק איז געדרוקט פון נייע שריפט, אויף גוטע פּאַפּיר און עלעגאַנט געבונדען.**

## פרייז 1 דאללאַר.

פערלאַג פון

## ב. ראַבינאָוויטץ, 398 גרענד סטריט, ניו יאָרק.